פסח קאָלאָדני

# גערטנעריי

פראקטישע ידיעות




כלל פארלאג: אפטייל „אידישער פאלקס־פארלאג"
בערלין 1921

# פארווארט.

די וועלט־מלחמה האט, אינאיינעם מיט אירע אלערליי שלעכטיגקייטן און צרות, געבראכט אויך עפעס גוטס און ניצליכס. איינס פון די לעצטע איז — דער אינטערעס צו פארזייען גערטנער.

ווי באוואוסט, איז די נוץ פון א גארטן און דערצו נאך ביי זיך אין הויף באדייטענדיג גרויס אין א סך פרטים: ערשטענס — מאטעריעליש: א בוראק, א רעטאך, א ציבעלע, א אוגערקע א. ד. ג. — אלצדינג אייגענס, ס'קאסט זעהר ביליג און דערצו די מעלה, וואס מ'האט עס, ווען מ'וויל; צווייטענס — היי־גיעניש: דער הויף איז שטענדיג ריין, ציכטיג און באדעקט מיט גרינס; און דריטענס — די געוועהנט־שאפט מיט דער נאטור.

האבנדיג א טעארעטישע און פראקטישע ידיעה אין גערטנעריי און וועלנדיג קומען צו הילף די מענשן, וואס זיינען נישט געניט אין גערטנעריי, אז זיי זאלן קאנען האבן פון זייערע גערטנער וואס מערער נוצן — האב איך באשלאסן ארויסצוגעבן אט די קליינע בראשור, אין וועלכער איך גיב איבער בקצור די סאמע

נויטיגסטע און וויכטיגסטע ידיעות, ווי אזוי צו באאר־בעטן און באגיין זיך מיט א גארטן.

חאטש ניט אלע ערדן זיינען פאסיג פאר א גארטן, נאר אזוי ווי די דאזיגע בראשור איז אם מיינסטן באשטימט פאר בעלי־בתים, וואס ווילן מאכן גערטנער ביי זיך אין די הויפן, און האבן דעריבער נישט קיין אויסוואל צו זוכן אנדערע פאסיגע ערד, מוז איך, צום באדויערן, די ידיעות וועגן דער ערד: איר ארטלאגע, וואו און ווי זי ליגט, וועגן איר אייגענשאפט און גוטסקייט, וועגן איר אויסבעסערונג און פאר־ריכטונג — לאזן אומבארירט, און וועל נאר ביי יעדער מין גרינוואַרג אנווייזן די באארבעטונג פון דער ערד, וואס עס פאדערט.

באנוצנדיג זיך מיט דער געלעגענהייט, ערלויב איך מיר ארויסצוזאגן עטליכע ווערטער וועגן גערטנעריי אין אלגעמיין. איך בין געגן דער מיינונג, אז דער אינטערעס צו גערטנעריי, וואס איז ארויסגערופן גע־ווארען דורך דער מלחמה, וועט מיידן און אריבערגיין, באלד נאר ווי זי וועט זיך ענדיגן. ניין! איך מיין, אז דער אינטערעס צו גערטנעריי איז א ממשות'דיגער און וועט זיין דויערהאפטיגער. נאך מער, איך וויל גלויבן, אז ביי פיל מענשן פון די, וואס וועלן זיך אין דער מלחמה צייט פארנעמען מיט גערטנעריי, און פאר־זייענדיג אפילו קליינע גארטענדלאך, ניט אלס געשעפט, נאר — ווי מ'זאגט — „פאר זיך" ארויסזעהנדיג די נוץ פון דעם און באקאנט ווערנדיג מיט דעם ענין —

וועט זיך אין זיי דערוועקן א רצון צו פארנעמען זיך
אויף שטענדיג מיט גערטנעריי.

איך וויל אויך גלויבן, אז אט די קליינע בראָ־
שור, וועט דינען צו פארגרעסערן ביי אונזערע אידן
דעם דערוועקטן אינטערעס צו פארזייען גערטנער, או
וועט ברענגען א באפרידיגונג פאר זייער ארבעט.

מחבר.

# וועגן מיסטיגן און גראבן די ערד אויף א גארטן.

ערד, אויף וועלכער מ'זייט א גארטן, מוז זיין געמיסטיגט. מיסט איז פאראן צווייערליי: נאטיר־ליכס און קינסטליכס — מינעראליש.

**נאטירליך מיסט**

נאטירליך מיסט איז מיסט („גנאָי״) פון בהמות, חיות, פויגל און אלערליי פוילקייטן פון עסנווארג און געוויקסן. ביי אונז, באַזונדער אין די שטעט, געפינט זיך, צו מיינסט, מיסט פון בהמות: פון פערד אדער קיה, מיט פערדיש מיסט, וואס איז באוואוסט פאר הייס און טרוקענס, איז גוט צו מיסטיגן ערד נידעריגע און פייכטע; און פארקערט, הויכע און טרוקענע ערד איז בעסער צו מיסטיגן מיט בהמה'ש מיסט, וואס רע־כענט זיך פאר קאלטס און פייכטס.

**מינעראליש מיסט**

פון מינעראלישע מיסטן, וואס מ'קאן אלע מאל גרינג באקומען, איז קאלך (וואפנע), גאנץ דין צע־שטויסענער, וואס איז נויטיג אריינצומישן אין דער ערד איין מאל אין 3—4 יאר, צו 4—5 פונט אויף א קוואדראט־קלאפטער (סאַזשען). מיסט איז גענוג צו געבן איין מאל אין 2 און אפילו אין 3 יאר. ערד, וואס איז קיינמאל, אדער עטליכע יאר נאכאנאנד,

ניט געזייט געווארן, דארף מען גוט מיסטיגן.

**די מיסטיגצייט**

מיסטיגן ערד איז זעהר גוט אין הארבסט; נאר אויב עס איז ניט מעגליך אין הארבסט, דאן אין אנהויב פריהלינג, ווען די ערד איז נאך פייכט פונם ווינטער.

**ווי אזוי מ׳מיסטיגט**

מיסטיגן מיסטיגט מען אזוי: דאס מיסט ווערט צעשפרייט אין א דינעם פאך אן ערך פון 3—2 צאָל די דיק, איבער דעם גאנצן שטח, וואס מ׳וויל פארזייען; נאר נאכן צעגראבן די ערד, דארף זיך דאס מיסט געפינען א ו נ ט ע ר דער ערד אין דער טיף פון א גראב־אייזן *), דאס איז אן ערך פון 5 ביז 6 ווערשקעס. דאס ווערט אזוי געמאכט: גראבן הייסט — ווי באוואוסט — ארײנשפארן דאס גראב־אייזן טיף אין דער ערד, אויפהויבן מיט אים די ערד און זי ארויפווארפן עטוואס ווייטער פון זיך. געוועהנטליך גראבט מען שורות־ווייז פון רעכטס צו לינקס, אדער פארקערט, צווישן צוויי באשטימטע פונקטן. דאן טוט מען אזוי: איידער מ׳הויבט אן צו גראבן די ערשטע שורה, שארט מען פריהער אפ דאס מיסט צו זיך אויף א $1/4$ ארשין, איבער דער לענג פון דער גאנצער שורה פון איין פונקט ביז אין צווייטן, און אויף דעם ארט — דעם פאס, וואס איז ריין געווארן פון מיסט — גראבט מען אויס די ערשטע שורה, און אזוי ווי נאכן אויסגראבן בלייבט דאך א ליידיג גרובענדל (א ראווטשיקל) ווארפט מען אין אים ארײן דאס מיסט, וואס מ׳האט פריהער אפגעשארט צו־זיך, נאכדעם הויבט

*) Лопатка

מען אן צו גראבן די צווייטע שורה און פונקט אזוי, ווי ביי דער ערשטער, שארט מען ווידער אפ דאס מיסט צו זיך אויף א 1/4 אַרשין און מ׳גראבט די צווייטע שורה — אויף דעם פאס ערד, וואס איז געווארן פריי פון מיסט, און די ערד, וואס ווערט מיט דעם גראב־אייזן אויפגעהויבן, ווארפט מען אריין אין דעם גרובענדל פון דער ערשטער שורה, אויף דעם אהין אריינגעשארטן מיסט, און דאן בלייבט דאס מיסט אונטער דער צעגרא־בענער ערד; אזוי גראבט מען די דריטע, די פירטע און די איבעריגע שורות, ביז מ׳צעגראבט דעם גאנצן שטח, און אויף אזא אופן גראבענדיג, איז דאס גאנ־צע מיסט, וואס איז געווען פארשפרייט אויבן אויף דער ערד, בלייבט פון אונטן, אין דער טיף פונם גראב־אייזן, ד׳ ה׳ אַן ערך 6—5 ווערשקעס.

דאס צעגראבן

אזוי ווי גראבענדיג הויבט זיך דאך אויף די ערד שטיקער־ווייז („גרודעס") מוז מען זיי מיטן קאנט פונם גראב־אייזן גוט צעקלאפן און צעברעקלען אויף גאר קלייניקע שטיקלאך, מיט איין ווארט: די צע־גראבענע ערד דארף זיין צעברעקעלט, צעריבן און ווייך, ווי אויפגעזיפט, (אדער ווי מ׳רופט דאס — „פוכקע"), גראבענדיג מוז מען ארויסווארפן און נישט לאזן פארבלייבן אין דער ערד קיין שום ביינער, שטיינער, שארבענס, שטיקער האלץ און נאך אזעלכע זאכן, וואס קאנען נישט צעקלאפט און צעריבן ווערן אויף גאר קליינינקע שטיקעלאך, ווארום די אלע זאכן, ליגענדיג אין דער ערד, שטערן דער

ארבעט, אויך דעם וואוקס פון די ירקות.

ווען מ׳גראבט ערד, וואס איז באוואקסן מיט גראז, אדער פעלדקרייטער, דארף מען זיך באמיהען, ווי ווייט מעגליך, ארויסצוואווארפן אט די אלערליי גראזן און ווילדקרייטעכצער מיט די ווארצלען, און זיי נישט לאזן פארבלייבן אין דער ערד, ווארום זיי ווערן שפעטער צעוואקסן און שטערן דעם וואוקס פון די ירקות.

צווייטער אפטייל.

## וועגן בייטן.

די גרו־בענדלאך

נאכן צעגראבן די ערד מאכט מען בייטן, וואס ווערן אפגעטיילט איינע פון דער אנדערער מיט גרו־בענדלאך (וועלכע רופן זיך אן „ראָזאָרעס"). די גרובענדלאך ווערן געמאכט אונטן שמעלער, ווי אויבן. די ברייט זייערע איז: אונטן — לערך 4 און אויבן — 8 ווערשקעס. די ערד וואס ווערט ארויסגע־נומען פון די גרובענדלאך, ווארפט מען ארויף אויף די בייטן. די ווענטלאך פון די גרובענדלאך, וואס זיינען איינצייטיג די זייטן פון די בייטן, מוזן זיין גאנץ גוט איינגעפלעטשט און גאנץ הארט איינגע־שלאגן. דאס ווערט געטאן מיט דער פלאטשיקער זייט פונם גראב־אייזן, אדער מיט א ברעטל, וואס לעגט־זיך צו צו די ווענטלאך און מ׳קלאפט דערויף מיט עפיס א שווערער זאך. פראקטישער איז מיט א ברעטל, ווייל די ארבעט קומט דאן ארויס בעסער.

דאס איינקלאפּן מאכט זיך צוליב דעם, אז די זייטן פון די בייטן זאלן זיך לאנג האלטן, און די ערד פון זיי זאל נישט אפּפאלן, ווארום אז נישט קאן דאס ברענגען שאדן די ירקות, וואס וואקסן ביי די ברעגן פון די בייטן. — די טיף פון די גרובענדלאך ווענדט זיך אן דעם פלאץ, אויף וועלכן מ׳מאכט דעם גארטן: ביי א נידעריגן און נאסן פלאץ — מוזן די גרובענדלאך זיין טיפער, כדי דאס איבעריגע וואסער פון די בייטן זאל אפּגעצויגען ווערן; און פארקערט, ביי א הויכן, זאמדיגן פלאץ — דארפן די גרובענדלאך זיין פלאטשיקע. קיין באשטימטע מאס קאן מען דערצו נישט געבן, דאס איז אפּהענגיג פון דער נידעריגקייט אדער הויכקייט פונם פלאץ. ביי א מיטעלן פלאץ מאכן זיך די גרובענדלאך פון 6—4 ווערשקעס די טיף. פארשטייט זיך, אז גאר ביי א נידעריגן פלאץ קאן מען זיי פארטיפן ביז 10—8 ווערשקעס, און ביי גאר א הויכן — נאר ביז 2 ווערשקעס.

די ברייט פון די בייטן — די ברייט פון די בייטן דארף זיין פון אנדערהאלבן ביז צוויי ארשין, נישט מערער. ביי אזא ברייט איז דאן זעהר גרינג אויסצופירן אלערליי ארבעטען, וואס א גארטן פאדערט: ווארום, שטייענדיג אין גרובענדל („ראזארע״) קאן מען, אהן אנשטרענגונג, דערלאנגען מיט דער האנט ביז צו מיטן בייט; אבער ביי ברייטערע בייטן, מוז מען אויף צו דערלאגען די מיט, זיך אנלעהנען אויף זייערע

ברעגז, — וואס שאדט סיי די זייטן פון די בייט און סיי די ירקות, וואס וואקסן ביי די ברעגען.

די לענג פון די בייטן

די לענג פון די בייטן ווענדט זיך אן דער גרויס פונם גארטן. נאר ביי א קליינעם פלאץ לוינט זיך געוויס נישט צו מאכן קיין קורצע בייטן: א שאד צו פארטון פלאץ אויף די אינדערברייט־גרובענדלאך.

די בייטן מוזן געמאכט ווערן גלייך, "אונטערן שנור". דאס ווערט אזוי געמאכט: באשטימענדיג די לענג פון די בייטן, וואס מ'וויל צעגראבן, שלאגט מען צוערשט אריין איןביידע עקן פלעקלאך, צו וועלכע מ'בינדט צו אן אנגעצויגענע שנור, אדער א שטריקל, און הארט ביי דער שנור גראבט מען פריהער אויס איין לענג־גרובענדל. נאכדעם מעסט מען אפ מיט א שנור, אדער מיט א שטעקן די ברייט פון דער בייט, וואס מ'וויל מאכן, — מעסטענדיג ביי ביידע עקן פון דעם שוין אויסגעגראבענעם לענג־גרובענדל, און מ'שלאגט ווידער אריין פלעקלאך, צו וועלכע מ'בינדט צו די ערשטע, אדער אן אנדערע שנור, און מ'גראבט הארט ביי איר דאס צווייטע ברייט־גרובענדל, א. אז. וו. אויף אזא אופן קומען אויס אלע בייטן גלייך, וואס דאס האט א גרויסע באדייטונג ביים פארזייען און וואקסן פון די ירקות.

די ריכטונג פון די בייטן

די ריכטונג פון די בייטן, איז וואס פאר א זייט פונם גארטנפלאץ ס'זאל געמאכט ווערע

די לענג און אין וואסערער די ברייט — ווענדט זיך אינם ווילן פונם גערטנער. דאס איז אבער נאר דאן, ווען דער פלאץ איז א גלייכער. ביי פלעצער אבער וואס האבן א משופע׳קייט, ד. ה. אין איין זייט איז העכער און אין דער אנדערער נידעריגער, איז גלייכער צו מאכן די לענג פון די בייטן אין דער ברייט פונם בארג אראפ. ווען איז דאס גערעדט געווארן, אויב דער פלאץ איז שטענדיג א טרוקענער, ווארום דערמיט וועט דאס רעגן־וואסער זיין איינ־געהאלטן; פארקערט ווידער, ווען דער פלאץ, וואס האט די משופע׳קייט, איז שטענדיג א פייכטער, א נאסער, איז דאן בעסער צו מאכן די לענג פון די בייטן — גלייך מיט׳ן בארג־אראפ: ווארום דעמאלט לויפט דאס רעגן־וואסער אפ דורך די גרובענדלאך.

די צעגראבצייט און אויסארבעטונג פון די בייטן

צעגראבן און אויסארבעטן די בייטן איז זעהר באקוועם אין אנהויב פריהלינג, ווען די ערד איז נאך גוט פייכט פונם ווינטער: דאס גראבן אליין איז דאן ניט אזוי שווער, און די זייטן פון די בייטן קאנען גוט איינגעקלאפט ווערן. נאכן מאכן די בייטן מוז מען זיי צעגראבלען מיט א גראבלער („גראבלע״) מיט לאנגע ציינער, און ארויסווארפן פון זיי אלע ניט צעקלאפטע שטיקער (גרודעס), שטיינער און ווארצלען פון ווילדע גראזן און פעלדקרייטער, און גוט אכטונג געבן, אז די ערד זאל זיין דין צע־ברעקעלט (ריכלע, פוכקע) און אז דער אויבער־פלאך פון די בייטן זאל זיין א גלייכער, ניט לאזן

קיין גריבלאך· דאס איז כדי דאס רעגן־וואסער זאל אראפ אין דער ערד אומעטום גלייך· ווארום אז ניט· וועט די ערד אין איין ארט זיין צופיל פייכט אין און אין דעם אנדערן — צו טרוקן· און דאס וועט ברענגען שאדן די ירקות· וואס וואקסן אין ביידע זייטן: די — וועלן דארן· און יענע — וועלן פוילן·

### דריטער אפטייל·

## אלגעמיינע ידיעות וועגן גרינווארג·

**די צעטיילונג פון די ירקות**

ירקות ווערען צעטיילט אויף אונטערשטע און אויף אויבערשטע· אונטערשטע (אדער ווארצלדיגע) זיינען אזעלכע· וואס זייער פרוכט באשטייט פונ׳ם ווארצל („ווארצלפרוכטיגע״ *)· דהיינו: בוראקעס· מעהרן· רעטאך א· אזי ווי· און אויבערשטע זיינען אזעלכע· וואס זייער פרוכט וואקסט פון אויבן· צוםביישפיל: אוגערקעס· באָבי· ארבעס· קרויט א· ד· ג·

**דאס פארזייען פון די ירקות**

דאס פארזייען פון ירקות איז אויך פארשידן: אייניגע ווערן געזייט באלד· גלייך אין בייט אריין· און אנדערע ווערן פריהער געזייט ערגיץ אין אן אנדער ארט און ערשט נאכן אויפגיין ווערן זיי איבערגעזעצט אין בייט· די לעצטע הייסן איבערפלאנציגע· אדער צווייטפלאנציגע („פערעסאדאטשנע״)· די וויסנשאפט און די פראקטיק האבן געוויזן· אז נישט נאר צווייטפלאנציגע· נאר אלע אנדערע ירקות

*) Корнеплодныя

קאנען אויך איבערגעזעצט ווערן, דאס באשווערט אבער מיט איבעריגער מיה און צומיינסט טרעפט, אז זיי זיינען נישט געראטען. —

**פון וואס מ׳פארזייט**

ירקות ווערן געזייט: אייניגע — נאר פון זייער זאמען, אדער ווי מ׳רופט עס זריעה*), וואס זיי גיבן פון זיך ארויס, ווי צום בייש. אוגערקעס, רעטאך, ברוק־ ווע, דינעס, קירבעסן, סאלאט, קרויט, פעטרעשקע, מעהרן וכדומה; אנדערע ווערן געזייט סיי פון זאמען און פון זיך אליין, למשל ציבעלע, קאר־ טאפעל; און א דריטער מין איז פאראן, וואס זיין זריעה באשטייט נאר פון זיך אליין, למשל: ארבעס, באב, בעבלאך**) און אלע איבעריגע ירקות, וואס וואקסן אין שויטן (סטרוקעס) און וואס טראגן דערפאר דעם נאמען „שויטנדיגע" („סטרוטשקאווע"), אויך מאָן און קריפ („אוקראָפ").

**פון די אָרט־באדינגונגען הענגט אפּ דער וואוקס פון די ירקות**

כדי צו פארבעסערן דעם וואוקס פון אלערליי גרינווארג, איז נויטיג: לופט און פרייהייט אונטן און אויבן, פייכטקייט אין געוועהנטליכער מאס, און ווארימקייט מיט זון־שיין, צוליב דעם מוזן די ירקות געזייט ווערן נישט געדיכט, און די ערד דארף זיין טיף און גוט צעגראבען, ווייך און צעברעקעלט. דאן האבן ביידע טיילן פונם ירק: דער ווארצל — פון אונטן און דאס שטענגל (סטעבל) מיט די בלעטער — פון אויבן, גענוג לופט און פרייהייט און גיבן געראטענע פרוכטן. צו פארזייען ירקות

*) „גאסיניע״ **) „פאסאליעס״.

אונטער א דאך, אדער אונטער בוימער, טויג נישט דערפאר, ווייל דורך דעם האבען זיי נישט קיין פריי־הייט פון אויבן. זיי מוזן זיצן פריי פון אלע זייטן, אונטערן פרייען הימעל, אויף פרייער ערד אין א פרוכטגארטן („סאד"), אונטער שיטערע בוימער, קאן מען זעצן קארטאפל; אבער אז זיי זאלן דורכ־אויס זיין געראטן, קאן מען באשטימט נישט זאגן.

וויאזוי און ווען צו באגיסן

פייכטקייט — הייסט איינפאך: רעגן און טוי. נאר דאס ליגט נישט ביים מענשן אין האנט, ס'הענגט אפ פון נאטור־צופאלן. ווען ס'טויעט און רעגענט אין דער צייט און אין דער מאס, איז זעהר גוט. עס טרעפט אבער אמאל צופיל און אמאל צו ווייניג, און די ביידע פאלן שטערן דעם וואוקס פון די ירקות. נאר קליינע גארטענס, אין א טרוקענעם זומער, איז מעגליך מיט די הענט צו באגיסן. מ'דארף אבער אויך וויסן, ווי און ווען. פאראן אפילו אזעלכע ירקות, וואס מוזן אין אלע צייטן באגאסן ווערן. איבערהויפט איז די בעסטע צייט צו באגיסן אינדער־פריה, איידער די זון געהט אויף, ווען די ערד איז נאך קיל פון דער נאכט. דערצו דארף דאס וואסער נישט זיין גאנץ קאלט. ווייטער די כלי, דער עמער, מיט וועלכן מ'באגיסט, מוז זיין מיט א זייערל („רע־שאטקע") און דערצו א געדיכטס. ביים באגיסן טאר מען זיך נישט אפשטעלן אויף איין ארט, נאר פירן מיט דער האנט דעם עמער, אדער די כלי — הין און צוריק. דאס איז צוליב דעם, אז די ערד אין די בייטן

זאל ניט איינגעפּלעטשט ווערן, וואס אנבאלאנגט זונענשיין, דארף מען נישט זייען אונטער א וואנט, א פּארקן, אדער א געדיכטן שאטענדיגן בוים, וואס פארשטעלען דעם זונענשיין, און בכלל — ניט זייען אין אזעלכע קליינע ערטער און ווינקעלאך, וואוהין די זון קוקט אין משך פון טאג קיינמאל נישט אריין.

**דאס אויס־ווארצלען פון ווילדגראזן**

איינס פון די מיטלען, וואס גיבן די ירקות פרייהייט צו וואקסן איז אויסווארצלען, (יעטן *) דאס הייסט, עס מוז אויסגעריסן און ארויסגעווארפן ווערן פון די בייטן און אויך פון די גרובענדלאך אלערליי ווילדגראזן און פעלדקרייטער. אויסרייסן זיי מוז מען מיט די ווארצלען, כדי זיי זאלן ווידעראמאל נישט אנוואקסן אויף ס'ניי. די דאזיגע ארבעט איז גוט צו טון, ווען די גראזן און פעלדקרייטער זיינען נאך יונג, אויסווארצלען דארף מען כמעט די גאנצע וואקסצייט פון די ירקות, און איבערהויפּט, ווען זיי זיינען נאך יונג, דארף מען זעהן, אז ווי נאר ס'באווייזט זיך א ווילד גרעזל, זאל דאס באלד ארויסגעריסן ווערן און נישט דערלאזן, אז די ווילדע פעלדקרייטער און גראזן — וואס וואקסן תמיד זעהר שנעל — זאלן באדעקן די בייטן און דערמיט שטערן דעם וואוקס פונם גרינוווארג.

**די צייט פון אויס־ווארצלען**

ס'איז פאראן פארשיידענערליי ירקות: אייניגע פאדערן, מ'זאל ארום זיי וואס מער אויסווארצלען, בשעת זיי זיינען נאך יונג, אבער וויבאלד נאר זיי

*) פּאָלן, Полоть

צעוואקסן זיך און זייערע בלעטער ווערן גרויס, האבן זיי שוין דאן קיין מורא ניט פאר די ווילדגראזן, וועלכע קאנען גאר אליין נישט וואקסן איבער די ירקות, ווי צום ביישפיל: קרויט, רעטאך, אוגערקעס, באָבעלאך און נאך אזעלכע; און אנדערע — פארקערט — למשל: ציבעלע, וואס זי ווערט עלטער, ווערן די ציבעכעס אלץ שוואכער און דארער, — דאן שאדט נישט אויסצעווארצלען שפעטער אויך. אין אלגעמיין אבער גילט דער כלל: וואס מער דאס ווילדגראז ווערט אויסגעווארצעלט — אלץ בעסער איז פארן וואוקס פון די ירקות.

**די אפגע־היטקייט ביים אויס־ווארצלען**

אזוי ווי עס זיינען פאראן א סך פעלדקרייטער, וואס זיינען ביים ארויסשפראצען פון דער ערד זעהר עהנליך צו די אויפגעהענדיגע ירקות, אויך איז פאראן איינינע פארשידענע ירקות, וואס בשעת זיי געהען אויף, זיינען זיי עהנליך איינער צום צווייטן — ווי דהיינו מעהרן און קריפ — דערפאר מוז מען ביים אויסווארצלען זיין זעהר אפגעהיט. און דער, וואס איז נאך אין דעם נישט געניט, מוז די ערשטע צייט באשטעלן צו דער דאזיגער ארבעט א געניטן מענשן.

נאך א זאך, וואס איז א מעלה פארן וואוקס פון אלערליי גרינוואַרג, אינם זין פון לופט און פרייהייט, — איז דאס, וואס דער אויבערפלאך פון די וואקסנדיגע ירקות און צווישן זיי, מוז שטענדיג זיין גוט צעברעקעלט און צעגראבעלט מיט א גראבלער.

דאס ארומשיטן

איינינגע מינים גרינוואַרג פאדערן „ארומשיטן", ד׳ ה׳ דעם אונטערשטן טייל פונם שטענגל (סטעבעל׳) וואס ביי דער ערד׳ מוז מען ארומשיטן און מאכן ארום אים א בערגעלע פון צעברעקעלטער ערד׳ דאס ברענגט דערצו׳ אז פון דעם אזוי׳ ארומגעשאטענעם טייל שטענגל — שפראצן ארויס ב ײ װ א ר צ ל ע ן׳ וועלכע פארגרעסערן און פארבעסערן דעם וואוקס פון די ירקות׳

ארומשיטן איז זעהר גוט׳ ווען די ערד איז פייכט׳ ווייל דעמאלט האלט זיך דאס בערגעלע בעסער׳ ווען ס׳קומט אבער אויס ארומצושיטן און די ערד איז גראָד טרוקן׳ מוז מען דאן פריהער באגיסן און דער־נאך מיט דער פייכטער ערד ארומשיטן׳ מ׳מוז דערביי געדענקן׳ אז דאס בערגעלע טאר נישט זיין שטארק איינגעקלאפט׳

פ ע ר ט ע ר א פ ט ײ ל׳

## וועגן פארזייען׳ זריעה־זאמען און פארפלאנץ׳ *)

די פארזיי־צייט

אם בעסטן איז צו פארזייען׳ ווען די ערד איז פייכט׳ ווייל דעמאלט געהען אלע פארזייטע זריעות זעהר גיך אויף׳ קומט אבער אויס צו פאר־זייען׳ ווען די ערד איז טרוקן׳ מוז מען זי דאן פריהער פייכט מאכן דורך באגיסן׳

אנהויב פריהלינג איז די ערד שטענדיג פייכט ;

*) ראזסאדע׳

אבער נישט אלע ירקות קאנען געזייט ווערן אין דער דאזיגער צייט. וואס דאס רוב טרעפט אין איר קעלט און פריהמארגן־פרעסטלאך. איבער וועלכע איי‌ניגע ירקות גייהען לחלוטין נישט אויף און אנדערע ווערן נאכ׳ן אויפגייהען, זאפט־ארים און שטארבן גאר אפ. דאגעגן איז פאראן אנדערע, וואס האבן פאר קעלט קיין מורא נישט. אט די לעצטע איז זעהר גוט צו זייען אנהויב פריהלינג, באלד ווי די ערד ווערט נאר פריי פון שניי און אייז. די ירקות אבער, וואס האבן יא מורא פאר קעלט, איז גלייכער צואווארטן מיט זייער פארזייען, ביז ס׳ווערט שוין אין דרויסן ווארים. נאר דערצו דארף מען באמערקן, אז אזוי ווי איטליכן איז זעהר געוואונשן צו האבן פארטיגע ירקות וואס פריהער, און אזוי ווי ביי קלענערע גארטענס איז די הוצאה אויף זריעה־זאמען נישט קיין גרויסע, און די מיה איז צומייסט אייגענע — האט דערפאר א רעכענונג צו ריזיקירן און פארזייען אין אנהויב פריהלינג אפילו אזעלכע ירקות, וואס האבן יא מורא פאר קעלט: ווארום עס קאן דאך טרעפן, אז דער פריהלינג זאל גראד זיין א ווארימער, און אויב עס וועט זיין קאלט, קאן מען דאן נאכאמאל איבערזייען פון דאס ניי.

**די באפייכטונג פון דער זריעה**

זייען זייט מען דעם זאמען אין דעם צושטאנד, אזוי ווי ער איז, ד. ה. טרוקענערהייט. וויל מען אבער, אז די זריעה זאל גיכער אויפגייהען, מוז מען פארן זייען דעם זאמען באפייכטן (אדער, ווי מ׳רופט דאס: „צוראשטשען״). מיטלען דערצו איז פאראן

אסך: נאר דאס געוועהנטליכע מיטל איז דאס פאלגענדע: מ׳נעצט אן דעם זריעה־זאמען מיט וואסער, נאכדעם לעגט מען אים אריין אין א פייכט טיכל, וועלכעס מ׳וויקעלט ארום מיט א ווארימער זאך און מ׳האלט דאס אין דער ווארים, אין א ווארים ארט (נישט קיין הייס) א טאג 3—2, ביז ס׳באווייזן זיך פון דעם זאמען קליינע ווארצעלאך, פייכטשפראץ, (אדער, ווי מ׳רופט עס — „ראסטקעס״), מיט אזא מיטל באפייכט זיך דער זאמען פון כמעט אלע סארטן ירקות, אויסער קוקורוזע (טערקישער ווייץ) וועלכע מוז צוליב איר טרוקענקייט, אנשטאט באפייכטן — געווייקט ווערן אין וואסער עטליכע שעה, אדער אמאל א גאנצן טאג אויך, ביז די קערנער ווערן ווייכער, און דאן באגייט מען זיך ווייטער, ווי אויבן איז געשטאנען.

זריעה־זאמען, וואס ווערט באפייכט *), מוז, ווי נאר ס׳ווייזן זיך ארויס קליינע פייכטשפראצונגען („ראסטקעס״), באלד געזייט ווערן, ווארום אויב ער ווערט איבערגעפייכט, ד. ה. די פייכטשפראצונגען ווערן איבערגעוואקסן, קאנען זיי דאן גרינג אראפפאלן און די זריעה וועט שוין מער נישט אויפגעהן. מ׳טאר אויך קיין באפייכטע זריעה נישט לאזן ליגן אזוי, נישט פארזייטערהייט — ווארום די פייכטשפראצן וועלן אפטריקענען און די זריעה וועט געהן לאבוד.

פארפלאנץ די זאמען פון אלערליי צווייטפלאנציגע **) ירקות, ווערן צוערשט געזייט אין א בייט, פארנעמענדיג אויף

*) „געראשטשעט.״ **) „פערעסאדאטשנע״.

דעם א גאנץ קליין שטיקל ארט — נאר א ליכטיג און א פייכטס — אויף וועלכן מ׳צעשפרענקעלט דעם זאמען: און נאכדעם צעגראבעלט מען דאס שטיק ארט מיט א גראבלער. דאס ווערט געמאכט פונקט אין אנהויב פריהלינג, ווען די ערד איז פייכט. אויב ס׳טרעפט, אז דאס פארזייטע שטיקל ארט הויבט אן צו טריקענען, מוז מען עס אלעמאל באגיסן. ביי א גוט וועטער גייט די זריעה שנעל אויף און צע־וואקסט זיך גיך. קומט דער פארפלאנץ אין דריטן, פירטן בלעטל (חוץ די ערשטע צוויי זריעה־בלעטלאך), מוז מען אים באלד איבערזעצן אין בייט ארײַן. דער אויסגעריסענער פארפלאנץ (ראָזסאדע) מוז, באלד נאכן אויסרייסן, איבערגעזעצט ווערן. איבערזעצן איז גוט פארנאכט, ווען די זון גייט אראפ, און ווען די ערד איז פייכט נאך א רעגן, אדער ווען ס׳גייט א מיטעלער רעגן.

וװי אזוי דער פארפלאנץ ווערט איבער־געזעצט

פארפלאנץ ווערט אזוי איבערגעזעצט: מיט א קיילאכדיג פארשפיצט פלעקעל, פון א 3/4 צאל די גרעב, מאכט מען אין בייט א לעכעל, א 3—4 צאל די טיף, אין וועלכן מ׳זעצט, באלד ווי דאס פלעקל ווערט ארויסגעצויגן, ארײַן דעם פארפלאנץ — איין איינציג שטיק, מ׳זעצט ארײַן דעם גאנצן ווארצל, און עטוואס איבער אים — ביז די ערשטע בלעטלאך; און דער־נאך, האלטענדיג דעם פארפלאנץ מיט איין האנט אין לעכל, דריקט מען לייכט צו דאס לעכל מיט דער אנ־דערער האנט, אדער מיטן פלעקל, און מ׳באגיסט באלד

מיט וואסער, דאס וואסער טרייבט שוין אליין צו די ערד צוםווארצל פונם פארפלאנץ. אויב נאכן איבערזעצן דעם פארפלאנץ איז טרוקן, ס׳גייט קיין רעגן נישט, מוז מען אים עטליכע מאל באגיסן: יעדן טאג, אדער איבער א טאג.

וױ דער פארפלאנץ ווערט געמאכט

די, וואס האבן קליינע גערטנער, לוינט נישט, זיי זאלן זיך אליין פארנעמען מיט מאכן פארפלאנץ: מ׳קריגט אים גרינג צו קויפן. נאר אויב מ׳וויל, קאן מען אים מאכן ביי זיך אין שטוב: אין א קעסטעלע, אדער א בלומענטעפל, שיט מען אן א ביסל שווארצע ערד, זייט אהין אריין עטליכע צעהנדליג זאמענקערנער פון די מינים, וואס מ׳וויל האבן, און מ׳שטעלט דאס קעסטעלע, אדער בלומענטעפעל, ביי א פענסטער, וואו די זון ווייזט זיך, און מ׳באגיסט עס צייטענווייז. דאן וואקסט ארויס פארפלאנץ, וועלכן מ׳זעצט דערנאך איבער אין גארטן. דער שטוביגער פארפלאנץ האט נאך די מעלה, וואס ער קאן געזייט ווערן, ווען אין דרויסן איז נאך פרעסט און קעלט, און קאן דעריבער פארטיג זיין צום איבערזעצן נאך גאר אין אנהויב פריהלינג — א צייט, וואס איז זעהר גינסטיג פארן וואוקס פון די ירקות, און באזונדער — פאר צווייטפלאנציגע, וואס דאס מיינסט פון זיי האט ליב פייכטקייט, און דעמאלט איז די ערד געוויס פייכט, און ס׳איז נאך אויך נישטא די ווערים און די אנדערע מחבלים פונם גרינוואַרג. דערצו ווערן נאך די ירקות פארטיג מיט א היפשער צייט פריהער, וואס ס׳האט

א גרויסע באדייטונג אין אלע הינזיכטן.

**די צייט, ווען דער פארפלאנץ ווערט געמאכט**

די געוועהנטליכע צייט ביז ס'זאל אויסוואקסן פארפלאנץ צום איבערזעצן, מוז געדויערן לערך 4—5 וואכן. אנהויב פריהלינג רעכענט זיך די צווייטע העלפט פונ'ם חודש מארט. דעריבער, כדי אז דער פארפלאנץ זאל זיין פארטיג צום איבערזעצן אין בייט אויף אנהויב פריהלינג, מוז מען אים פארזייען ארום האלב חודש פעווראל. אזוי ווי דעמאלט איז אבער נאך קאלט, איז אויב מ'וויל האבן פריהיגן פארפלאנץ, מוז מען אים פארזייען אדער אין שטוב, אדער אין א מיסטבייט *). געוועהנטליך, איז דער מיסטבייטישער פארפלאנץ **) א סך גינסטיגער צו זעצן איידער דער שטוביגער, ווארום ארום אים ארבעטן צומיינסט פאך־קענער און ער וואקסט מער אדער ווייניגער אין נאר־מאלער טעמפעראטור און ווערט צו דער צייט באגאסן; אין שטוב אבער טרעפט, אמאל איז צו קאלט, אמאל צו ווארים, מ'באגיסט צו ווייניג, אדער צו פיל, דאן וואקסן די פארפלאנצן אויס שוואכע, זאפט־ארימע, און ווען זיי ווערן איבערגעזעצט, קאן מען נישט וויסן, וואס פון זיי קאן זיין — ווי מ'זאגט — „א נס, אדער א מת".

**די פארזייי־שורות אין די בייטן**

די ירקות, וואס ווערן געזייט גלייך אין בייט, קא־נען געזייט ווערן אין שורות, אדער צעווארפענדיג איבער דער בייט. אויב מ'זייט אין שורות, דארף מען

*) א גוט באמיסטיגטע און מיט גלאז באדעקטע בייט: „פארניק" „ספעקט".

**) „ספעקטאווע ראזסאדע".

אכטונג געבן, אז זיי זאלן אלע זיין גלייכע: סיי אין דער לענג, סיי אין דער ברייט, ד. ה. אין דער אפּגע־טרעטענקייט איינע פון דער צווייטער. דאס ווערט געמאכט מיט א שנור, אנבינדענדיק ביידע עקן צו צוויי פּלעקלאך, און איבערגעצויגען איבער דער בייט; אדער מיט א דין ברעטל — אוועקגעלעגט איבער דער בייט. ביי דער שנור, אדער ביים ברעטל, צייכענט מען אן דורך א לייכטן שראם (קארב) די ערטער, די ליניעס, וואו די שורות דארפן זיין. נאכדעם מאכט מען אויף די ערטער, גלייך ווי דער שראם געהט, גרובעגדלאך אין דער טיף, ווי עס פאדערט זיך, אין וועלכע מ׳לעגט אריין די זריעה. דערנאך פארשיט מען די גרובענ־דלאך, לייכט פון אויבן, מיט דער ערד פון ביידע זייטן.

באקוועמער איז אנצוצייכענען די שורות מיט א ברעטל, וואס די ברייט זאל זיין צוגעמאסטן צו דער געוואונשטער ווייטקייט צווישן די שורות. דאן איז גרינ־גער צו מעסטן, ווייל מ׳קאן מיט איינמאל אנצייכענען צוויי שורות — אין ביידע זייטן פונם ברעטל. למשל ווען דער שטח צווישן די שורות דארף זיין 4 ווערש־קעס, מוז מען מאכן די ברייט פונם ברעטעלע אויך 4 ווערשקעס.

דאס גלייך מעסיגע פארזייען

ווען מ׳זייט די זריעה, צעווארפענדיג איבער דער בייט, מוז מען זי צעווארפן — ג ל י י כ מ ע ס י ג, נישט אין איין ארט מער און אין צווייטן ווייניגער, נאכדעם צעגראבלען די בייטן מיט א גראבלער, נאר ווי ווייט מעגליך אים פירן לייכט פון אויבן, כדי די צוויינדלאך

זאלן נישט ארייַנגראָבן די זריעה טיף אין דער ערד. גאָר דריבנע און גרינגע זאמען איז פאַרן זייען, גלייכער צו צעמישן מיט א ביסל זאמד, אדער טרוקענע ערד, און צוזאמען צעשפּרענקלען איבער דער בייט.

**ווי אזוי ווערט פאַרזייט אין גריבעלאך**

פאַראַן אייניקע ירקות, וואס זייער זאמען ווערט געזייט אין קליינע גריבעלאך. אט די גריבעלאך איז באַקוועמער צו מאַכן מיט א לעפל, מיט וועלכן מ'הויבט אויף א ביסל ערד פון בייט, און אין דעם פאַרבלייבענדיקן גריבעלע אַרייַנזעצן די זאמען. נאָכדעם פאַרשיט מען עס מיט דער ערד, וואס ליגט אין לעפל. אזעלכע זאמען, וואס פאדערן געזייט צו ווערן אין גריבעלאך, קאָן מען זייען גלייך מיט דער האַנט אויך: מ'נעמט אַרייַן די צאָל קערנדלאך, וויפיל מ'דאַרף, אין די ערשטע צוויי פינגער, ווי למשל א שמעק טאַבאַק, — און ווען די צאָל קערנדלאך, אדער זיי אַלייַן זייַנען גרויסע, אין דריי פינגער — און מ'זעצט אַרייַן די פינגער אין בייט, טיף וויפיל עס פאדערט זיך, און מ'לאזט אפּ די זריעה אין דער ערד; און אויב אַרויסנעמענדיק די פינגער, ווערט דאס גריבעל פון זיך אַלייַן נישט פאַרשאָטן, דאַן פאַרשיט מען עס לייכט פון אויבן מיט א ביסל פּייכטער ערד.

**וועגן נישט אייַנגעגעבענער זריעה.**

אויב צוליב וואסערע ס'ניט איז סבות, גייט די פאַרזייטע זריעה נישט אויף, אדער אויפגייענדיק ווערט זי פאַרדאַרבן, ווי צ. ב. פון פראָסט, האַגל, שטאַרקן רעגן, אדער אַנדערע — סטיכישע סבות, און די זריעה מוז דאַן אויף ס'ניי איבערגעזייט ווערן — טאָר מען

די זריעה פונם צווייטן מאל נישט מאכן אין דער זעל־בער שורה, אדער אין דעם אייגענעם ארט, וואו ס׳איז געווען די ערשטע, נאר עטוואס אפגעטראטן, כּדי מ׳זאל קאנען אונטערשיידן די ביידע זריעות איינע פון דער צווייטער: ווארום עס טרעפט, אז די ערשטע זריעה זאל אויך אויפגיין, אבער לויט די פּראקטיק האט גע־וויזן, זיינען אזעלכע אויפגאנגען צומיינסט שוואכע, זאפט־ארימע, און געבן ווייניג נוץ, און דעריבער — לוינט זיי בעסער ארויסצוווארפן, און ווען ביידע זריעות זאלן זיין געמאכט אין איין ארט, וועט מען דאך נישט וויסן, וואסערע ארויסצוווארפן.

ווענן איבערזייען א צווייט מאל

בנוגע צום איבערזייען, קאן טרעפן, אז כּמעט אלע ירקות, וואס האבן מורא פאר קעלט, זאלען דארפן זיין איבערגעזייט; נאר מערער פון אלע קומט דאס רוב אויס איבערצוזייען אוגערקעס: דאס איז זעהר א ציטעריג מין, ווען מ׳פארזייט איר זריעה אין א באפייכטן אופן און ס׳גייט נישט אויף אין 3—4 טאג, מעג זי זיך דאן שפעטער גאנץ גוט אויפ־גיין און אויך גאנץ שיין וואקסן, צומיינסט אבער — לויט די פּראקטיק האט געוויזן — קאן מען פון איר קיין סך אוגערקעס נישט דערווארטן. און אזא זריעה לוינט זיך בעסער איבערצוזייען. פון די מיטלען, ווי אזוי צו פארהיטן אוגערקעס, אז זיי זאלן נישט פארדארבן ווערן פון שטארקע רעגענס, האגלען, שנייען, מארגענפרעסטלאך און אנדערע שלעכטע צופאלן, — רעקאמאנדירט מען: צודעקן די שורות מיט לייכטע,

דינע ברעטלאך, מיט היי, אויסגעריסן גראז און בלע־
טער פון פעלדקרייטער. נאר אזוי ווי ברעטלאך קאן
מען לאנג נישט לאזן ליגן, ווייל זיי פארשטיקן די לופט
איבער דער זריעה, דערפאר איז גלייכער נעמען אנ־
דערע צודעקונגען, ווייל זיי קאנען פארבלייבן ליגן
עטוואס לענגער, ביז עס מיידט די צרה.

**די משחיתים פון גרינוואַרג**

א חוץ די אויבן דערמאנטע שלעכטע צופאלן, האבן די ירקות נאך א סך אנדערע משחיתים, מחבלים. דאס זיינען די פארשיידענע ווערים, פויגעלאך, היישע־ריקן, וואס פאלן אן אויף די ירקות און פארדארבן זיי. אם מיינסטן ליידט קרויט, אויף וועלכן ס׳פאלן אן פארשיידענע ווערים און עסן אפּ די בלעטער, און צוליב דעם גייט דאס קרויט אפט אינגאנצן לאבוד, אדער עס בלייבט נישטיג, קליין און פארדארבן. באזונדערס פאלן אן די ווערים אין די שטאטישע גערטנער, וואו די שטאטישע לופט איז פאר זיי גינסטיג. אויף רעדיס, רעטאך, ברוקווע און ריבן — צומיינסט ווען די שפּראַצונגען זיינען נאך יונג, — פאלן אן קליינע פליגעלאך, וועלכע רופן זיך „ערדפליי״, און פארדארבן זיי. ס׳איז פאראן נאך א סך אנדערע פאראזיטן (פרעמד־פרעסער) וואו יעדערער האט זיך זיין ירק־ליבלינג, אויף וועלכן ער פאלט אן און פארדארבט אים.

**מיטלען געגען די גרינוואַרג משחיתים**

מיטלען צו פארטרייבן זיי איז פאראן א סך נאר פון די גרינגסטע און מער צוגענגליכע איז: אין דער צייט, ווען ס׳הויבן זיך אן צו ווייזן אט די חברה, באשיטן די בלעטער עטליכע מאל מיט אש, שמעק־

טאבאק, אדער מיט דין־צעריבענעם, ניט געלאשענעם קאלך. ביי קליינע גערטנער אבער, אין וועלכע די צאל פון געזעצטן קרויט איז געוויינטלעך נישט קיין גרויסע, איז דאס בעסטע מיטל אראפצונעמען די ווע־רים מיט דער האנט. מ׳דארף היטן די צייט, ווען זיי הויבן זיך אן צו ווייזן, און עטליכע טעג נאכאנאנד אראפוואַרפן זיי פון די בלעטער און פון די שטענג־לאך – און פארטיליגן זיי. דערצו מוז מען אכטונג געבן אונטער די בלעטלאך אויך, וואו זיי באהאלטן זיך ס׳רוב, מורא־האבענדיג פאר רעגן אדער פאר קעלט.

ווי מיר האבן געזעהן, קאן דאך גאר אפט טרעפן, אז פארזייטע ירקות זאל מען מוזן איבערזייען, און נישט נאר איינמאל, ס׳קאן טרעפן צוויי מאל אויך, דעריבער איז זעהר פראקטיש צו קויפן זריעה פון אלע מינים, עטוואס מערער, ווי מ׳באדארף אויף איינמאל; זאל ליגן אויף א פארזארג (זאפאס) טאמער דארף מען איבערזייען, זאל קיין מניעה נישט זיין.

נישט קארגן די זריעה ס׳איז אויך פראקטיש ניט צו קארגן קיין זריעה ביים פארזייען: וואו עס איז, דוכט זיך, גענוג איין קערנדל, איז בעסער צו זעצן עטליכע, ווארום מיט זריעה ביז זי גייט אויף, קאן טרעפן פילערליי צופאלן, צוליב וועלכע זי גייט גאר נישט אויף, אדער זי גייט אויף א פארשמאכטע, א זאפט־ארימע. אמאל איז שול־דיג אין דעם דאס וועטער, אמאל דאס פארזייען און אמאל די זריעה אליין: אן אלטע, א ליידיגע (פוסטע); דעריבער, ווען מ׳פארזעצט נאר איין קערנדל אין פון

אים וועט גאר נישט זיין, בלייבט דאך דאס ארט אין דער בייט א ליידיגס; אבער ווען עס זיצן דארט עטליכע קערנדלאך, איז דאך צו האפן, אז איינס וועט זיכער אויפגיין און וועט גוט וואקסן. און אויב די אלע גייען אויף איז דאך, נאך בעסער: מ'לאזט וואקסן דעם שטארקסטען און די איבעריגעווארפט מען ארויס.

די פאר־שידענקייט פון די מינים

די וויסנשאפט פון ערדארבייט, וואס רופט זיך „אגראנאמיע", האט אין איר לאנגיאריגער פראקטיק אויסגעארבעט און אויסגעפונען אין יעדער מין גרינ־ווארג א סך סארטן, וואס שיידן זיך אפ איינער פונם אנדערן אין פיל הינזיכטן: אין דער אייגענשאפט, אין דער פארם, אין דער פארב, אין דער צייט פונם אויס־וואקסן און ג. א. למשל: ווייך און הארט קרויט, קורצע און לאנגע מעהרן, ווייסער און שווארצער רעטאך, פריהצייטיגע און שפעטיגע בוראקעס, און אזי ווי. און יעדער מין האט זיך באזונדערע זריעה, וועלכע איז אין די זאמענהאנדלונגען באוואוסט אונטער ספעציעלע נעמען, דעריבער, כדי צו פארגרינגערן דעם בעלן, ער זאל קאנען באקומען פונקט דאס מין, וואס ער פא־דערט, צייכן איך דא אן די נעמען פון אייניגע מער אינטערעסאנטע מינים זריעה, וועלכע רעכענען זיך די בעסטע פון די פילערליי סארטן, וואס יעדער מין האט:

פון אוגערקעס: „מוראָמער״, מיטלער וואוקס, נישט
גאנץ ציטעריגע, פריהצייטיגע;
„ניעזשענער״, מיטלער וואוקס
און קליינינקע.

„ ארבעס: „ראסטאווער״, צוקערדיגער, פריה־
צייטיגער; „עקספרעס״, גרינער,
„טריאומף״, זעהר פרוכטבארער,

„ באבלאך: „איספאלינער״ געצויגענער („טיט־
שקאווע״), צוקערדיגע, פריה־
צייטיגע; „אוואנגארדישע״ געצי.
(טיטש.) זעהר פריהצייטיגע;
„האלאנדער״, „סעדון״, „ווייסע״;
„פלאזעלע״ „ „
שפעטיגע.

„ ברוקווע: „קראסנאסעלער״, געלע; „עפל־
דיגע״ („יאַבלאטשני״), געלע;
„גלאטע״, ווייסע.

„ בוראקעס: „רויטבאליגע״ („קראַסני שאַר״),
זעהר געשמאקע, פריהצייטיגע;
„עגיפטישע״, שווארץ־רויט, גוט
זיס, קײלאכדיגע מיט דינע עק־
לאך; „ערפורטער״ שווארץ־רויט,
לאנגע ווינטערדיגע; „האלאנדער״,
בלוט רויט לאנגע, ווינטערדיגע.

„ באקלאזשאנעס: „פיאלעטע״, פריהצייטיגע,
שרייטלדיגע („קארליקע״);

פון מעהרן:

„פאריזשער“, „קאראטעל“, רויטע, קורצע, דינע עקן, זעהר פריה־צייטיגע;
„האלאַנדער“ „קאראטעל“, רויטע, קורצע, דינע עקן, זעהר פריה־צייטיגע;
„אַמסטערדאמער“ „קאראטעל“, רויטע, קורצע, דינע עקן, זעהר פריהצייטיגע;
„פראנקפורטער“ לאנגע, אן ערך 5—6 ווערשקעס, פריהצייטיגע;
„פערפעקסיאָן“ לאנגע, אן ערך 5—6 ווערשקעס, פריהצייטיגע;
„נאנטישער“ לאנגע, אן ערך 5—6 ווערשקעס, ווינטערדיגע;
„האמבורגער“ לאנגע, אן ערך 5—6. ווערשקעס, ווינטערדיגע;
„בראונשווייגער“ לאנגע אן ערך 8—10 ווערשקעס, ווינטערדיגע;
„קוועדלינבורגער“ לאנגע אן ערך 8—10 ווערשקעס, ווינטערדיגע;
„וואָראָביאָווער“ לאנגע אן ערך 8—10 ווערשקעס, ווינטערדיגע;
„דאווידאוונער“ לאנגע אן ערך 8—10 ווערשקעס, ווינטערדיגע;

פון סאלאטע: „שטיינקאפ״ פריהצייטיגע; „ערפורטער״ שפעטיגע; „בערלינער״ „

„ פאמידארן: רויטע, פריהצייטיגע; „קעניג הומבערט״; „פריה קעניג״ („קאראל־ראַנניך״).

וואקסן נאר אין דרום־קאַנטן אליין.

„ פאסטערנאק: קיילאכדיגער, פריהצייטיגער; „הערנסייסקער״, מיטל־לאנגער. „ברעסטער״, לאנגער.

„ פעטרעשקע: „ווארצלדיגע״ צוקערדיגע, פריה־צייטיגע; „ערפורטער״, ווארצלדיגע, לאנגע, שפעטיגע.

„ ציבעלע: „דאַנווערער״ געלע, פריהצייטיגע; „טראפע־זונדער״, געלע און ברויִ־נע, פריהצייטיגע; „ציטאַ־ווער״, געלע; „האָלאנ־דער״, געלע, אונזערע געוועהנליכע געלע.

די אלע מינים זיינען הארבע, נישט קיין זיסע.

„ קרויט: „ערפורטער״, ווייס, פריה־צייטיג; „ברוינשווייגער״, ווייס־הארבסטיג, שפעטיגע; „שוויינפורטער״ ווייס,

זעהר גוט צום איינ־זייערן.

הארבסטיג, שפעטיגע;
"סאַבוראַווער", ווייס, הארבסטיג,
שפעטיגע; זעהר אגוט מין; "אול-
מער", ווייס, שפעטיג } קאנען ווינ-טער זיך לאנג האלטן.
"לובער" " "

פון בלומן-קרויט: "בערלינער", פריהצייטיג,
קליין-וואוקסיג;
"שניי-קול" " ;
"דעניש", שפעטיג;
"גיגאנט"

" ויידן-קרויט: "ערפורטער", ווייס, פריהצייטיג,
קליינע קעפלאך;
"בלומענטאלער", געלע " ;
"פראנצויזישע", "ווערטיו",
שפעטיגע.

" קאלראבי: "ערפורטער", ווייסער, פריהצייטיגער;
"ווינער", ווייסער און בלויער,
פריהצייטיגער;
"גלית" ("גאָליאַף") שפעטיגער,
גרויסער.

" קוקורוזע: געוועהנטליכע, אונזערע מינים,
פריהצייטיגע;
"פערדצאָן" ("קאָנסקי-זוב"), זעהר
גרויסע קאשטאנעס, נישט אין
אלע געגענדן צייטיגן זיי זיך:
וואקסן נאר אין דרום-קאנטן.

**פון קאַרטאָפעל:** „פראַנצויזישע״, פריהצייטיגע; ווערט פאַרטיג כמעט אין 6 וואכן;
„וואַרשעווער״, פריהצייטיגע.
„פריה־קעניג״ („קאָראָל־ראַנניך״), פריהצייטיג;
„מאַיבלום״ פריהצייטיג;
„אַמעריקאַנער״ ראָזע, לאַנגע;
„אימפּעראַטאָרשע״, שפּעטיגע, געלע, קיילאַכדיגע; „מעהל־באַל״ („מוטשנאָי־שאַר״). שפּעטיגע.

**״ רעדיסלאַר:** רויטע, מיט ווייסע עקלאַך, פריה־צייטיגע, קיילאַכדיגע; ווייסע, קיילאַכדיגע, עטוואָס שפּעטיגע;
„אייזצעפּלאַך״ (ליעדאַנאיאַ סאָ־סולקאַ).

**״ ריבּן:** „פּעטראָווער״, העל־געלע, עט־וואָס שפּעטיגע, קאָן ליגן אויף ווינטער;
„מאַיאָווע״, ווייסע, פריהצייטיגע, קאָן אויף ווינטער ניט ליגן;
קיילאַכדיגע און לאַנגע, שוואַרצע, ווינטער־סאָרטן.

**״ רעטאַך:** „יאַפּאַנישער״, שוואַרצער, פריה־צייטיגער;
„דרעזדענער״, מאַיאישער, ווערט פאַרטיג אין 5—6 וואכן;

פון שטשאַוויי:

„כינעזישער״ („קיטאַיער״) מאַ־
לינאָווער, האַרבסטיגער, רויט־
היטלדיגער, אינעווענינ־ווייס;
„גרייווראַנער״, געלער האַרבס־
טיגער, לאַנגער און קיילאַכדיגער;
„ערפּורטער״, ווינטערדיגער.
„בעלווילער״;
„ליאָנער״.

פינפטער אפטייל׳

## וועגן פארזייען פארשיידענע

## מינים גרינוואַרג׳

אוגערקעס אוגערקעס איז זעהר א ציטעריגער מין׳ זיי האבן מורא פאר קעלט׳ האבן פיינט ווינטן און אויך די ברענענדיגע שטראלן פון דער זון אין האלבן טאג; דאגעגן צופיל שאטן האבן זיי אויך נישט ליב׳ זיי איז גוט צו פארזייען׳ ווען אין דרויסן איז שוין גוט ווארים׳ וואס ס׳קומט אויס ארום האלב חודש מאי׳ ארום די בייטן מיט אוגערקעס איז גוט צו זעצן פון צפון און פון דרום זייט טערקישן ווייץ („קוקורוזע״)׳ ווייל מיט זייערע הויכע שטענגלאך און לאנגע בלעטער באשיצן זיי אביסל די אוגער־קעס: אין צפון־זייט—פון קאלטע ווינטן׳ און אין דרום־זייט—פון די ברענענדיגע זון־שטראלן׳ אוגערקעס וואקסן זייער גוט אויף פרישׁ׳ אין הערבסט געמיס־טיגטער׳ און גוט באַארבעטער ערד׳ און דערצו מיטלמעסיגע פייכטקייט׳ ווען ס׳איז זעהר טרוקן

שאדט נישט צייטענווייז זיי צו באגיסן. די זריעה פון אוגערקעס קאן געזייט ווערן טרוקענע, אדער באפייכטע. דער אונטערשיד איז דער, וואס טרוקענע גייען אויף שפעטער ווי באפייכטע, די לעצטע גייען אויף — ווען די ערד איז פייכט און דאס וועטער גילט, ס'איז ווארים — אויפן 3—4 טאג; דער־פאר אבער אויב נאכן פארזייען כאפט א קאלטע צייט, קאן די באפייכטע זריעה נאר פארפאלן ווערן, און די טרוקן געזייטע — געהט אויף.

אוגערקעס ווערן געזייט שורות־ווייז, צומיינסט אין דער ברייט פון בייט. יעדע שורה מוז זיין אפגעטרעטן פון דער אנדערער אן ערך פון $2^1/_2$ ביז 3 ארשין, נישט ווייניגער. דאס גרובענדל, וואו די זריעה ווערט אריינגעלעגט, מוז זיין א 2 צאל די טיף. אויב די ערד איז נישט פייכט, מוז מען דאס גרובענדל באגיסן מיט וואסער. די זריעה לעגט מען אויס איבער דער גאנצער לענג פונם גרובענדל, כסדר צו עטליכע, אדער צו איינציגע קערנדלאך, און מ'באדעקט זיי לייכט פון אויבן מיט זייטיגער, פייכטער ערד. דערביי מוז מען גוט אכטונג געבן, אז דאס גרובענדל און דאס פארשיטן עס פון אויבן זאלן געמאכט ווערן לייכט, ד. ה. אז די ערד סיי פון אונטן סיי פון אויבן זאל נישט זיין איינ־געשלאגן.

נאכן אויפגיין פון דער זריעה, ווען די שטענג־לאך ווערן שוין היפש אונטערגעוואקסן, מוז מען

זיי דורכרייסן, און איבערלאזן אין שורה נאר צו איינציגע שטענגלאך, איינס ווייט פונם צווייטן א 3—4 ווערשקעס. דערביי לאזט מען, פארשטייט זיך, וואקסן סאמע דאס שטארקסטע און גרעסטע שטענגל, און דאס שוואכע, דאס נישטיגע — ווארפט מען ארויס. נאכדעם מוז מען די איבערגעלאזענע שטענגלאך ארומשיטן; נאר די בערגלאך דארפן זיין די הויך נאר ביז אן די ערשטע צוויי זריעה־בלעטלאך, נישט העכער: ווארום פון צווישן אט די דאזיגע בלעטלאך ווייזן זיך די ערשטע אוגערקעס, און ווען זיי — אט די ערשטע צוויי זריעה-בלעטלאך — זאלן זיין פאר־שאטן מיט ערד, וועט שוין פון צווישן זיי קיין אוגערקעס נישט ארויס, און דאס איז א שאד. ביים ארומשיטן מוז מען די שטענגלאך צעלעגן אין א הין־הער לאגע, ד. ה. איינס — רעכט, איינס—לינקס, אזוי כסדר איבער דער גאנצער שורה. פארן ארומ־שיטן מוז מען אויסווארצלען („אויסיעטן") די בייטן און באזונדער די שורות אליין.

די ליידיגע ערטער צווישן די שורות קאן מען אויסנוצן אויף צו פארזייען אין זיי אנדערע ירקות איבערהויפט — פריהצייטיגע, וועלכע מ'זאל נאך קאנען באווייזן ארויסצונעמען פארטיגערהייט, איידער די שטענגלאך פון די אוגערקעס הויבן זיך אן פא־נאנדערצושפרייטן איבער דער בייט. אין קליינע גארטענס, וואו יעדעס שטיקל פלאץ איז טייער, קאנען — ביי פלייסיגער ארבעט — די ליידיגע ערטער,

צווישן די שורות אוגערקעס, אויסגעגוצט ווערן אויפן בעסטן אופן: ווי באוואוסט, ווערן אוגערקעס, מורא האבענדיג פאר קעלט, געזייט שפעט, און אנדערע ירקות, וואס האבן פאר קעלט קיין מורא נישט, קאנען געזייט ווערען גאנץ פריה; דעריבער טוט מען אזוי: אין די בייטן, וואס זיינען באשטימט צו זייען אוגערקעס, צייכענט מען אין אנהויב פריהלינג נאר אן די ערטער, וואו די שורות אוגערקעס דארפן זיין, און — איבערלאזענדיג זיי נישט פארזייטע — זעצט מען דערווייל אין די ליידיגע ערטער, וואס צווישן די שורות, אנדערע ירקות — פריהצייטיגע.

ווען און וואסערע אוגערקעס ווערן פארטיג צום קלייבן, איז אויף דעם קיין צייכן נישטא, ווייל מ׳קאן זיי ניצן קליינערהייד אויך; נאר דאס איינע מוז מען אבער וויסן, אז די אוגערקעס, וואס מ׳קלייבט, דארפן אפגעריסן ווערן פון די שטענגלאך גאנץ הארט ביי די סאמע אוגערקעס.

ארבעס ארבעס האט פיינט גאר פריש געמיסטיגטע און שטארק פעטע ערד; ער האט ליב צעברעקעלטע און זונשיינענדיגע ערטער, געמיסטיגטע לכל הפחות מיט א פאר יאר צוריק. ער האט פאר קעלט קיין מורא נישט, מ׳קאן אים פארזייען באלד פון אנהויב פריהלינג און דעריבער קאן מען זעצן די זריעה טרוקענערהייד, זיין זאמען באשטייט פון אים אליין, ד׳ ה׳ פון ארבעס, וועלכען מ׳זעצט צומיינסט אין ספעציעלע בייטן, לערך 1 און א האלב ארשין די ברייט.

ס׳איז אים באקוועם צו זעצן צו איינציגע׳ אדער צו צוויי קערנער — אין גריבעלאך׳ א 2 צאל די טיף׳ און ווייט איינס פון צווייטן א צוויי ווערשקעס׳ פראק־טיש איז אים צו זעצן אין איין שורה ארום דער בייט׳ אפגעטרעטן פונם ברעג א האלבן ארשין׳ די מיט בייט, וואס בלייבט ליידיג׳ מוז מען באלד, נאכן אויפגיין און נאכן עטוואס אונטערוואקסן פון די שפראצונגען׳ צעגראבלען איין מאל ; און אין עטליכע טעג ארום — נאכאמאל׳ און די שפראצונגען אביסעל ארומשיטן און ארײנשטעלן נעבען זיי׳ אין מיט בייט׳ ציה־שטעקענס („טיטשקעס״)׳ אויף וועלכע די שטענג־לאך פלעכטען זיך׳ ארבעס בליהט׳ און באלד נאכ׳ן בליהען ווייזן זיך שויטן („סטרוטשקעס״)׳ אויב ס׳בליהט א סך און קיין שויטן ווייזן זיך נישט׳ מוז מען די שפיצן פון די שטענגלאך אפשניידן׳

אויב ס׳קומט אויס צו פארזייען ארבעס נישט באלד אין אנהויב פריהלינג׳ נאר שפעטער׳ שאדט נישט פריהער אים צו באפייכטן׳ אויף זריעה קלויבט מען אויס די סאמע געזונטסטע קערנער׳ נישט קיין ווערעמדיגע און נישט קיין ליידיגע. מינים ארבעס איז פארהאן א סך : נאר בעסער איז אלע מאל צו פארזייען — פריהצייטיגן׳ ווארום אזעלכן קאן מען באווייזן צו פארזייען איבערן זומער צוויי מאל׳

באבעלאך באבעלאך זיינען פארהאן צוויי סארטן ; איינער— וואס די שטעגגלאך וואקסן הויך און פלעכטען זיך אויף ציה־שטעקענס („טיטשקעס״) און ווערן דעריבער

אנגערופן געצויגענער; און דער צווייטער — וואס וואקסט נידעריג צו־דר׳ערד און ווערט אנגערופן זיצענדיגער („סעדון״)׳ באָבעלאך האבען זעהר מורא פאר קעלט׳ דעריבער מוז מען זיי פארזייען׳ ווען אין דרויסן איז שוין גוט ווארים׳ די זריעה זייערע באַ־שטייט פון זיך אליין׳ ד׳ ה׳ פון באבעלאך, מ׳קאן זיי פארזייען טרוקענערהייד׳ אדער באפייכטע׳ זיי ווערן געזעצט אין גריבעלאך׳ א 3—2 צאל די טיף, צו 4—3 באבעלאך אין א גריבל׳ איינס פונם אנדערן אן ערך פון 4 ווערשקעס די ווייט׳ די גריבעלאך ווערן געמאכט אין שורות׳ אפגעטרעטן איינע פון דער צווייטער א 6 ווערשקעס׳ נאכן ארייגזעצן די באבעלאך אין די גריבלאך׳ מוז מען זיי באלד פארשיטן פון אויבן מיט אביסל צעברעקעלטער און פייכטער ערד מ׳דארף זיך באמיהען צו פארזייען׳ ווען די ערד איז פייכט׳ אויב זי איז טרוקן׳ מוז מען זי פארן זייען באגיסן׳ באבעלאך האבן נישט ליב קיין פריש־געמיסטיגטע ערד׳ אז מ׳פארזייט געצויגענע („טיטשקאווע״) באבלאך׳ מוז מען ביי די ווארצעלאך אריינשטעלן ציה־שטעקענס׳ שטאַנגען. זיי קאנען אריינגעשטעלט ווערן אין דער ערד: גלייך׳ מיט די שפיצן ארויף אדער — משופע׳ מיט די שפיצן אנגעשפארט איינס אן צווייטען׳ און פון אויבן איבערגעבונדען׳ כדי זיי זאלן נישט איינפאלן׳ און אויב מ׳וויל זיי נאך בעסער פארזיכערן פון איינפאלן׳ לעגט מען דאן ארויף פון אויבן׳ אין דער ברייט,

איבער די ציה־שטעקענס — א לייסט. ס׳האט דאן אן אויסזעהן, ווי א מין זעגשטאלן („סטאליוקע״, „קאָזלע״), אויף וועלכן מ׳זעגט האלץ. וואס מער די ציה־שטעקענס זיינען העכער, איז אלץ בעסער, ווייל דער סארט וואקסט זעהר הויך, און וואס העכער ער וואקסט, אלץ מער באבעלאך גיט ער ארויס. איידער די באבעלאך צעוואקסן זיך, מוז מען די בייטן אויסווארצלען פון די ווילדגעוויקסן און ארײנשטעלן די ציה־שטעקענס.

באבעלאך געהערן צו די דאזיגע גרינגוואַרגן, וואס הייסן „שויטנדיגע („סטרוטשקאווע״), זיי וואקסן אין שויטן און ווערן פארטיג, ווען די שויטן ווערן טרוקן, אויב זיי באווייזן נישט פארטיג צו ווערן ביזן הארבסט, און ס׳הויבט שוין אן צו כאפן ערשט־פרעסטלאך, מוז מען באלד די שויטן אראפנעמען, הגם זיי זיינען נאך נישט טרוקן, נאך גרינליך, אויסשיילן די באבעלאך („אויסלושטשען״), און זיי דערטרוקענען— אין שטוב: ווארום דאס קלענסטע מארגענפרעסטל שאדט און פארדארבט זיי. געצויגענע באבעלאך איז זעהר פראקטיש צו זעצן אין גאנץ באזונדער און דער־צו עקסטע בייטן — נישט אין מיטן גארטן. דאס איז צוליב דעם: ערשטענס, ווייל וואקסענדיג זעהר הויך, זאלן זיי נישט פארשטעלן דעם זונשיין פאר די דער־בייאיגע בייטן, און צווייטענס, וואקסנדיג אין עקסט־בייטן, וועלכע ליגן, דאס רוב, ביי צאמען, פארקענס, אדער ביי ווענט, קאנען זיי — די באבעלאך — זיין באשיצט, נישט אומצופאלן פון ווינטן ; דאגעגען

זיצענדיגע („סעדון״) באבעלאך, קאן מען פארזייען וואו מ׳וויל, און — ביי ברייטע בייטן — אפילו ביי זייערע ברעגן.

באָב — באָב געהערט אויך צו די שויטענדיגע ירקות. פאר קעלט האט ער קיין מורא נישט, מ׳קאן אים דער־פאר זייען אנהויב פריהלינג. ער האט ליב טיפ־צעגראבענע און פייכטע ערד. זיין זריעה באשטייט פון אים אליין, ד. ה. פון באב. מ׳קאן אים פארזייען טרוקענערהייד, אדער באפייכט. צו מיינסט זייט מען אים ארום די בייטן, אין גריבעלאך, געמאכט מיט א לעפל, אדער מיט די פינגער, אן ערך 1 ווערשקע די טיף. אין יעדער גריבעלע זעצט מען אריין 4—5 קערנער און מ׳פארשיט עס גרינג פון אויבן מיט פייכטער ערד. ווען ביים פארזייען איז די ערד טרוקן, מוז מען זי פריהער באגיסן. באב ווערט פארטיג, ווען די שויטן ווערן טרוקן; נאר מ׳קאן אים ניצן גרינערהייט אויך. באב וואקסט אויף גאנץ הויכע שטענגלאך און בליהט. אויב נאכן בליהען ווייזן זיך אויף די שטענגלאך א סך שויטן, קאן מען דאן — כדי דער באב זאל וואקסן גרעסער און בעסער — די שפיצן פון די שטענגלאך אפשניידן, אדער אפ־קנייפן. דער אפשטאנד צווישן די גריבעלאך איז 12—16 ווערשקעס.

בוראקעס — בוראקעס האבן ליב טיפצעגראבענע און פייכטע ערד. דעריבער אין א טרוקענעם זומער מוז מען זיי אפט און גוט באגיסן. זיי וואקסן זעהר גוט אין פרייע,

זונענשײַנענדיגע און נישט פריש־געמיסטיגטע ערטער, װעניגסטענס מיט א יאר צוריק. זיי װערן געזייט דורך זריעה טרוקענע אדער באפייכטע. מ׳קאן זיי זעצן אין ספעציעלע בייטן, אדער ביי די ברעגן פון בייטן, װאס זיינען פארזייט מיט אנדערע ירקות. אין ספעציעלע בייטן — זייט מען זיי שורות׳װייז, אן ערך 5—6 װערשקעס איינע װייט פון דער אנדערער. דער סדר, װי אזוי זיי צו פארזייען איז — װי מ׳פאר־זייט אוגערקעס. װען זיי װאקסן אביסל אויף, מוז מען זיי דורכרייסן און איבערלאזן אין שורה צו איינציגע בוראקעס, איינער װייט פונם צװייטן אן ערך 4 — 3 װערשקעס. געװעהנטליך לאזט מען װאקסן די סאמע שטארקסטע און מ׳שיט־זיי־ארום אביסל. די שורות, און צװישן זיי, מוזן זיין עטליכע מאל אין זומער גוט אויסגעװארצעלט („געיעט״). בו־ראקעס האבן נישט קיין באשטימטע צייט אדער צייכען צום פארטיג־װערן: װי נאר זיי װאקסן עטװאס אונטער, קאן מען שוין ניצן, און — גאר יונגער׳הייד — ניצט מען זיי אפילו מיט די ירק־בלעטלאך (װאס ס׳רופט זיך אן „באטװינע״). צוליב אט דער מעלה זייערער, איז זעהר באקװעם זיי צו זעצן אין די בייטן, װאס זיינען באשטימט אויף צו פארזייען אוגערקעס, צװישן די שורות. װען מ׳פארזייט בוראקעס אין בא־זונדערע בייטן, צום גרויס־און אויסװאקסן, און מ׳װיל האבן אויף צו ניצן בוראק־בלעטער (באטװינע), קאן מען דאן די שורות מאכן װייט איינע פון דער צװייטער

פון 2 — 1 ווערשקעס, און דערנאָך אויסרייסן גאַנצע שורות, און לאָזן די איבעריקע שורות אין דער מאָס, ווי ס׳איז אויבן געזאָגט געוואָרן.

בוראַקעס האָבן שטאַרק פאַר קעלט קיין מורא נישט, מ׳קאָן זיי זעצן פריה־פריהלינג אויך. נאָר אַזוי ווי ס׳איז פאַרהאַן פון זיי אייניגע מינים, וואָס ווערן גיך פאַרטיג, איז אויב מ׳וויל פון די פריהצייטיגע מינים האַלטן אויף ווינטער — מוז מען זיי זעצן שפּעטער, אָנהויב מאַי: וואָרום לאָזן זיי איבערזיצן אין דער ערד, פאַרלירן זיי זייער געשמאַק און זיסקייט. בוראַקעס מוז מען אין האַרבסט אַרויסגראָבן — איידער עס כאַפּט פרעסטלאַך: וואָרום פונם פראָסט קריגן זיי זעהר נישט קיין אַנגענעמע זיסקייט. ווען מ׳לאָזט זיי אויף ווינטער, מוז מען זיי אויסגראָבן גאַנצערהייט און גוט אַרומשניידן די בלעטער, וואָרום אַנדערש — ווערן זיי גיך פאַרדאַרבן.

בוראַקעס קאָנען גאָר גרינג איבערגעזעצט ווערן, באַזונדער יונגערהייד. איבערזעצן איז זעהר גוט, ווען ס׳רעגענט און די ערד איז פייכט. און אויב ס׳איז טרוקן, מוז מען דאַן די איבערגעזעצטע בוראַקעס א לאַנגע צייט און זעהר אָפט באַגיסן. גוט איז איבערצוזעצן אין פּרייע, גוט אויסגעוואַרצעלטע בייטן, און די בוראַקלעך זאָלן זיין — ווי ווייט מעגליך — איין גרויס. געזעצט דאַרפן זיי זיין איינציגווייז אין שורות, אין דער מאָס ווי אויבן איז געשריבן. ס׳איז פאַר זיי באַקוועמער צום וואַקסן, ווען מ׳זעצט זיי אין די

שורות׳ אין דער געשטאלט פון א דריי־עק׳ ד׳ה׳ איין בוראק פון איין שורה אנטקעגען דער צווישן־מיט פון 2 בוראקעס אין דער אנטקעגענדיגער שורה׳

**ברוקווע**

ברוקווע איז א צווייטפלאנציגע ; האט פאר קעלט קיין מורא נישט ; האט ליב טיפצעגראבענע און גוט־באַרבעטע בייטן׳ מ׳קאן זי זעצן אנהויב פריהלינג, נאר באקוועמער איז שפעטער׳ ארום אנהויב מאי ; ווייל לויט איר כאראקטער׳ איז ווען זי זיצט איבער׳ ד׳ה׳ ווען זי בלייבט זיצן אין דער ערד עטוואס לענגער׳ ווערט זי פארהארטעוועט׳ פארהילצערט און פארלירט איר גאנצן געשמאק׳ דער פארפלאנץ ווערט געזעצט אין ספעציעלע בייטן׳ אדער — ווען די בייטן זיינען גאנץ ברייטע — ביי די ברעגן׳ איינע פון דער צווייטער אן ערך 1 אַרשין דערווייטערט׳ ביים פארפלאנץ פון ברוקווע טרעפט אפט׳ אז די ווארצלען זיינען צו לאנג׳ דאן מוז מען דעם מיטעלסטען׳ דעם הויפטווארצל׳ א שטיקל אפשניידן׳ נאכן ארייננזעצן דעם פארפלאנץ׳ מוז מען אים עטליכע טעג נאכאנאנד באגיסן׳ ביז ער נעמט זיך אן׳ און אז ער וואקסט שוין היפש אונטער׳ מוז מען ארומשיטן און אכטונג געבן׳ אז די ווארצלען זאלן זיין שטענדיג באדעקט מיט ערד׳

**באקלאזשא־נעס און פאמידארן**

באקלאזשאנעס און פאמידארן זיינען צווייט פלאנציגע און האבן זעהר מורא פאר קעלט׳ זיי האבן פיינט פריש אדער גארנישט געמיסטיגטע ערד׳ ס׳איז פאר זיי גוט׳ אז די ערד זאל זיין געמיסטיגט מיט א יאָר צוריק׳ האבענדיג ליב גוט באַרבעטע ערד און פיל זונשיין׳ מוז מען

זיי שטענדיג זעצן אין די ערטער, וואו די זון איז דארט דא א גאנצן טאג. ס׳איז זעהר גוט, אז דער פארפלאנץ („ראזסאדע״) זאל איבערגעזעצט ווערן נאך א מאל, איידער ער ווערט איינגעזעצט אין בייט. דעריבער איז, ווען מ׳מאכט דעם פארפלאנץ ביי זיך אין שטוב — וואס ס׳געשעהט אין אנהויב חודש מאַרט — דארף מען די זריעה איינזעצן אין א קעסטעלע זעהר שיטער, און ווען זי געהט אויף און וואקסט היפש אונטער, זעצט מען איבער צו איינציגע פלאנצלאך אין קליינע בלומענטעפלאך, וואו זיי וואקסען נאך מערער אונטער, און ווען ס׳ווערט שוין שטארקע, געזונטע שטאמעלאך (קוסטיקעס) זעצט מען זיי דאן איבער אויף ס׳ניי — אינאיינעם מיט דעם גאנצן שטיק ערד פון טעפעלע — אין בייט אריין. ווען זיי ווערן געזעצט אין שורה, מוזן זיי זיין דערווייטערט איינס פונם צווייטן אויף 1 אַרשין.

ביי יעדער שטאמעלע שלאגט מען אריין אין דר׳ערד א גרויס, שטארק פלעקל, צו וועלכן מ׳בינדט עס צו. ווען זיי וואקסן צווייגהאפטיג, קאן מען צו די פלעקלאך צושלאגן, אין דער ברייט, דינע לייסטלאך, אדער איבערציהן זיי מיט דראט — און אויף זיי ארויפלעגן די צווייגן מיט וואקסענדיגע פרוכטן. ביי פאמידארן קאנען אפגעשניטן ווערן די ליידיגע צווייגן, אויך די שפיצן פון די פרוכטיגע צווייגן; דאגעגען ביי באקלאזשאנעס רייסט מען אפ דעם שפיץ פונם הויפטשטענגל, און די זייטיגע צווייגלאך שניידט מען נישט אפ.

פאמידארן, ווען זיי זיינען פארטיג, ווערן זיי רויטליך; נאר אזוי ווי נישט אלע ווערן מיט א מאל פארטיג, נעמט מען נאר אראפ די פארטיגע און די אי־בעריגע לאזט מען ווייטער וואקסן. די, וואס באווייזן נישט פארטיג צו ווערן אין הארבסט, ביז ס'ווייזן זיך ערשט־פרעסטעלאך, מוז מען זיי אראפנעמען אפילו גרינערהייד, און האלטן אין שטוב ביי א פענסטער, אנטקעגן דעם זונענשיין, ביז וואנען זיי ווערן רויטליך. באקלאזשאנעס איז פאראן ווייסע און פיאליעטע קאלירן.

דיניעס און קירבעסן
[געוועהנטליכע, וואס וואקסן אין אונזער קאנט].

דיניעס און קירבעסן דאזיגע מינים לוינט גאר נישט צו זייען אין א קליינעם גארטן, ווייל זייערע שטענג־לאך ציהען זיך זעהר ווייט, די בלעטער זיינען משונה'דיג גרויס, פארנעמען א סך פלאץ און קיין איבעריגע נוצן ברענגען זיי נישט. ס'האט א רעכענונג זיי צו זייען אין אזא הויף, וואס איז פארלעגט מיט גראז, שטיינער, שטיקער האלץ און אנדערע זאכן, וואס שטערן צו מאכן א גארטן. אט אויף אזעלכע ערטער איז גוט אריינצוזעצן עטליכע יאדערן פון קירבעסן, אדער דיניעס, וואו ס'ניט איז. ווען זיי צעוואקסן זיך, פארדעקן זיי מיט זייערע בלעטער דעם הויף. און אויב ס'איז נאך דערצו פאראן א מיסט־קאסטן, אדער א מיסט־גרוב, קאנען זיי אויך ווערן פארשוואונדען אונטער די בלע־טער, און דערצו וואקסן נאך אמאל אויס עטליכע קירבעסן אדער דיניעס אויך. קיין איבעריגן ארומ־גאנג דארפן זיי נישט האבן.

מעהרן    מעהרן האבן פאר קעלט קיין מורא נישט און קאַ־
נען דעריבער געזייט ווערן אין אנהויב פריהלינג, גאר
פריה, ווי נאר די ערד באפרייט זיך פונם ווינטער. זיי
האבן ליב טיף צעגראבענע און צעברעקעלטע בייטן,
וואס זיינען געמיסטיגט מיט א יאר צוריק; זיי האבן
זעהר ליב פייכטקייט, און דעריבער, ווען ס'איז טרוקן,
ס'פעהלט רעגן, מוז מען זיי זעהר אפט באגיסן. צומיינסט
פארזייט מען זיי דורך טרוקענער זריעה, אין ספעציעלע
בייטן, שורות־וויז, אפגעטראטן איינע פון דער צוויי־
טער א 2 ווערשקעס, אין גרובענדלאך פון 1 צאל די
טיף—אינם זעלבן סדר, ווי מ'זייט אוגערקעס. נאכן אויפ־
גיין און אונטערוואקסן פון די שפראצונגען, מוז מען
די שורות דורכרייסן און לאזן איינציגע מעהרלאך,
ווייט איינס פונם אנדערן אויף 1 ווערשקע. אזוי ווי
מעהרן איז פאראן פארשידענע: קורצע, 6—5 ווער־
שקעס די לענג און גאר לאנגע פון 10—8 ווערשקעס
דעריבער, ווען מ'זייט לאנגע סארטן, מוז מען די ערד
גראבן מיט א ווערשקע־צוויי טיפער פון דער לענג,
ווי די מעהערן קאנען אויסוואקסן. מעהרען מוז מען
עטליכע מאל גוט אויסווארצלען. זיי קאנען געזייט
ווערן נישט אין שורות־וויז אויך, גאר געוועהנליך,
דורך צעשיטן די זריעה איבער דער בייט. שורות־וויז
איז אבער פראקטישער, ווייל ס'איז באקוועמער צום
אויסווארצלן און דורכרייסן און אויסער דעם, ווייל ביי
מעהרען קאן פונם זייען ביזן אויפגיין געדויערן
4—3 וואכן, איז זייענדיג אין בייט דורך צעשיטן, קאן

די בייט ביזן אויפגעהן פארוואקסן מיט ווילדע גראזן און פעלדקרייטער, און אויסוואַרצלענדיג די לעצטע — קאָן דערוויל אויסגעריסן ווערן די פרישע ארויסגע־שפּראָצטע מעהרלאך אויך. זייט מען אבער שורות־ווייז, קאָן מען דאָן אויסוואַרצלען צווישן די שורות נאָך אפילו איידער די מעהרן געהן אויף, און נאָך א טעם איז פאַראַן, פאַרוואָס ס׳איז בעסער צו זייען שורות־ווייז: ווייל, זייענדיג דורך צעשיטן, קאָן אין דער בייט בלייבן פיל ארט נישט קיין פאַרזייטס, וואָס ביי שורות־ווייז טרעפט עס נישט. ווען מ׳פאַרזייט מעהרן דורך צעשיטן איבער דער בייט, קאָן מען מיט זיי צוזאַמען פאַרזייען אלערליי סאָרטן פאַרפלאַנץ, וועלכע ווערן פאַרטיג צום אויסרייסן כמעט פונקט צו דער צייט, ווען מ׳דאַרף די מעהרן אויסוואַרצלען. מ׳קאָן זייענדיג מעהרן, אפילו אין שורות, אויך זייען פאַרפלאַנץ אין דערזעלבער בייט, צווישן די שורות; דערפאַר אבער ווייל די שורות זיינען זעהר שמאָלע, ענגע איז דאָס נישט גרינג צו מאַכן — דאָס איז אַן ארבעט פאַר א פאַכמאַן.

מעהרן איז פאַראַן פיל סאָרטן: פריהצייטיגע, שפּעטיגע און ווינטערדיגע. פריהצייטיגע, באַווייזן פאַרטיג צו ווערן אין אנהויב חודש יוני, און דאַן קאָ־נען זיי געזייט ווערן 2 מאָל אין זומער. פריהצייטיגע קורצע סאָרטן מעהערן („קאַראַטעל״) קאָנען אויך גע־זייט ווערן אין בייטן, וועלכע זיינען באַשטימט צו פאַרזייען אוגערקעס, צווישן די שורות. מעהרן

גייען אויף, ווי אויבן איז געזאגט געוואָרן, זעהר שווער און לאנגזאם; דערפאר אבער האבן זיי די מעלה, וואס זיי זיינען אלע מאל, ווי מ'זאגט „מוכן ומזומן"—ווי נאר זיי וואקסן עטוואָס אונטער קאן מען זיי שוין ניצן.

**מאָן** די זריעה פון מאָן באשטייט פון אים אליין און ווערט געזייט, צעווארפענדיג דעם מאָן איבער די בייטן. ער האט פאר קעלט קיין מורא נישט און וואקסט אין קעפלאך, וואס מ'רופט מאנקעפלאך („מאקאווקעס"). ווען די מאָנקעפלאך ווערן טרוקן, איז דער מאָן פאר־טיג; נאר אזוי ווי די מאנקעפלאך זיינען פון אויבן, ביי די קרוינדלאך, אָפן, און דער מאָן ווערט — דאס רוב — צוליב דעם אויסגעטרייסעלט פונם ווינט, מוז מען דערפאר אכטונג געבן זיי אראפצונעמען, ווען זיי הויבן נאר אן עטוואס צו טרוקענען — און דער־טרוקענען זיי אויף א ליילאך, אדער אן אנדער טוך, אנטקעגן דער זון, און דערנאך אויסטרייסלען דעם מאן פון די מאנקעפלאך, וואס ס'איז זעהר גרינג. מאָן ווינטערט אין דער ערד, און צום אנהויב פריהלינג געהט ער אויף פון זיך אליין, זיינע שטענגלאך און די בלעטער זיינען גאנץ גרויסע, און דעריבער קאן מען אים אין אזעלכע בייטן, וואו ס'וואקסן אנדערע ירקות, קיין סך און געדיכט נישט לאזן וואקסן, כדי ער זאל נישט פארשטיקן די איבעריגע ירקות. מאָן איז פאראן צוויי מינים — שווארצער און גרויער.

**סאַלאַטע** „קאָטשען" סאַלאַטע קאן מען צורעכענען צו

די צווייטפלאנציגע ירקות, זי האט פאר קעלט קיין מורא נישט. זי ווערט געזייט דורך זריעה, און נאכן אויפגיין און אונטערוואקסן, ווערט זי איבערגעזעצט אין ספעציעלע בייטן, אדער ארום די בערגן פון אנדערע, איינע פון דער צווייטער א 8—6 ווער־שקעס די ווייט. זי וואקסט אויף „קאטשענעס" אין קעפלאך, אין דער פארם פון קרויט. זי האט ליב פריש געמיסטיגטע און צעברעקעלטע ערד, פיל פייכטקייט און זונשיין. ווען די ערד איז עטוואס טרוקן, מוז מען באגיסן, ווייל זי זיצט דאס רוב אין פייכטע ערד, אירע בלעטער זיינען גרויס און וואקסן געדיכט און נידעריג צו דר'ערד, טרעפט אפט, אז אונטער די בלעטער, די סאמע אונטערשטע פאר־קלייבט זיך א מין שרץ, וואס מ'רופט אן שנעק („אוליטקע"), דערפאר שאדט נישט, די סאמע ני־דעריגסטע און הארט ביי דער ערד וואקסענדיגע בלעטער אפצורייסן.

ווען מ'וויל האבן סאלאטע וואס פריהער, קאן מען דאן מאכן דעם פארפלאנץ אין שטוב, אין א בלו־מענטעפל, פארזייענדיג די זריעה אין פעווראל, און באלד, ווי די ערד גייט נאר אפ פונם ווינטער — גלייך איבערזעצן אין בייט. ס'איז דא זעהר פיל סארטן סאלאטעס: דא אבער רעדט זיך נאר פון דעם געוועהנטליכן און מער פארברייטערטן סארט — צוליב זיין איינפאכקייט און גרינג אויסוואקסן.

פעטרעשקע ווערט צומיינסט באנוצט אלס פעטרעשקע

א פארבראקעכץ, א בייגרינס. זי האט ליב ערד, וואס איז צוריק מיט א יאר געמיסטיגט, גוט צעגראבענע, שווארצע און גוט־פייכטע. מ׳מוז זי פארזייען וואס פריהער, ווייל זי גייט אויף זעהר שווער און לאנגזאם. זי ווערט געזייט שורות־ווייז, אדער צעשאטן איבער די בייטן — אין דעם זעלבן סדר ווי מעהרן, מיט וועלכע זי קאן אפילו אינאיינעם געזייט ווערן, ווייל זייער אייגנשאפט איז עהנליך איינע צו דער אנדערער, כמעט ווי שוועסטער. פעטרעשקע פאדערט פיל אויס־ווארצלען, און מ׳לאזט זי שטיין אין דער ערד ביז שפעט הארבסט. צוזאמען און צווישן פעטרעשקע קאן מען זייען אלע מינים פארפלאנץ, אזוי ווי ביי מעהרן.

פעטרעשקע איז פאראן צוויי סארטן: איינער — וואס נאר זיין גרינס מיט די בלעטלאך ווערן גע־ניצט, און דער אנדערער — וואס דער ווארצל ווערט געניצט און דאס גרינס אויך, ווען ס׳איז נאך יונג, דעריבער לוינט זיך בעסער אין בעל־הבית׳ישקייט צו פארזייען דעם לעצטן סארט.

פאסטערנאק פאסטערנאק האט ליב ערד, וואס איז געמיסטיגט מיט א יאר 2—3 צוריק, שווארצע, פייכטע און טיף צע־גראבענע. ער גייט אויף זעהר לאנגזאם און האט פאר קעלט קיין מורא נישט. דעריבער פארזייט מען אים אין סאמע אנהויב פריהלינג. מ׳זייט אים דורך זריעה אין בייטן שורות־ווייז. ער פאדערט גוט אויס־ווארצלען, דורכרייסן און גאר אפט באגיסן.

פאסטערנאק קאן, אהן שום שאדן פאר זיך,

גאַנץ פֿריי איבערווינטערן אין דער ערד, און פֿאַר־קערט — ער ווערט נאָך דורך דעם אַ סך זיסער און געשמאַקער. דעריבער, ווען מ׳וויל האַלטן פּאַסטער־נאַק אויף פֿריהלינג, איז גלייכער אים צו לאָזן זיצן איבער ווינטער אין בייט, אין אים אויסגראָבן באַלד ווי די ערד גייט אָפּ.

פֿאַמידאָרן — זעה באַקלאַזשאַנעס.

ציבעלע ציבעלע האָט ליב צעגראָבענע און גוט־פֿייכטע ערד, נישט פֿריש־געמיסטיגטע, ווײַניקסטענס מיט אַ יאָר צוריק, וואָרום אויף פֿריש־געמיסטיגטער ערד וואַקסן נאָר די ציבעכעס*), אָבער ציבעלע קאָן זיין זעהר ווייניג, אויף נידעריגער ערד וואַקסן זיי בעסער, ווי אויף אַ הויכן פּלאַץ. פֿאַר קעלט האָבן זיי קיין מורא נישט. די בייטן מוזן זיין גוט אויסגעוואָרצעלט אין אין אַ טרוקענער צייט דאַרף מען זיי באַגיסן.

ווי אַזוי צו פֿאַרזייען און אויסצואוואַקסן ציבעלע איז פֿאַראַן עטליכע מיטלען: איינס — איז אַ צוויי־יאָריגס דהיינו: דאָס ערשטע יאָר, באַלד פֿון אָנהויב פֿריהלינג, פֿאַרזייט מען זריעה (דאָס איז אַ קליין שוואַרץ קערנדל), צעשיטענדיג זי געדיכט איבער דער בייט; איבערן זומער וואַקסן אויס קליינע ציבעלקעלאַך, אויב מ׳פֿאַרניצט נישט די שפּראָצונ־גען אויף ציבעכעס. די דאָזיגע ציבעלקעלאַך ווערן אין האַרבסט אַרויסגעגראָבן און איבער ווינטער ווערן זיי געהאַלטן אין אַ טרוקן אָרט און געטרוקענט,

*) אַטשעוו קעס, עקלאַך, перо

גערויכערט. (מ׳רופט די דאזיגע ציבעלקעלאך גע־
רויכערטע, רויכציבעלקע — „דימקע״). גאר אין אנהויב
פריהלינג ווערן זיי געזעצט אין ספּעציעלע בייטן,
אדער ביי ברעגן, אין שורות אדער איינציג־ווייז,
איינע פון דער אנדערער און צווישן די שורות
א צוויי ווערשקעס די ווייט. די ציבעלקעלאך ווערן
געזעצט מיט די קעפּלאך אראפּ און מיט די עקלאך
ארויף, טיף אין דער ערד אויף 1 צאל, כדי ס׳זאל
גיכער אויפגיין, קאן מען די עקלאך מיט שטיקלאך
ציבעלקעס צו זיי, אפשניידן. די ציבעכעס קאן מען
אין פריהלינג איינציגווייז ארומרייסן. אין מיטן זומער
ארום יולי־אווגוסט, ווען די ציבעכעס ווערן שוין
נישט גענוצט, איז כדי די ציבעלעס זאלן וואקסן
גרעסער — בויגט מען איין צו דר׳ערד דאס גאנצע
בינטל ציבעכעס, און אין סוף זומער, ווען די
ציבעכעס ווערן אפּגעדארט — איז די ציבעלע פארטיג.
דאס אנדערע מיטל, ווי אזוי צו פארזייען ציבעלע —
איז דורך פארפלאנץ, ד. ה. די זריעה ווערט געזייט
אין א מיסטבררייט („ספּעקט״), אדער אין שטוב אין
א קעסטעלע, צי אין א בלומענטעפּל, ארום פעווראל
און אין אפּריל זעצט מען דעם פארפלאנץ
איבער אין בייטן, איינציגווייז, אין שורות, אין דעם
זעלבן אופן ווי אויבן איז געזאגט, אין יולי — אווי־
גוסט בויגט מען איין דאס גאנצע בינטל ציבעכעס
צו דר׳ערד, און ווען זיי ווערן אפּגעדארט, איז די
ציבעלע פארטיג. ס׳איז דא נאך א דריט מיטל:

פארזייען זריעה גלייך אין בייט' דהיינו: אין פריהלינג באלד ווי די ערד גייט אפ און טרוקענט זיך עטוואס צו, מאכט מען די בייטן, מ'צייכענט אן די שורות, ווייט איינע פון דער צווייטער א 3—2 ווערשקעס, אין יעדער שורה מאכט מען א גרובענדל פון 2—1 צאל די טיף, אין וועלכן מ'זייט אן די זריעה. נאכן אויפגיין און אונטערוואקסן רייסט מען דורך די שפראצונגען און מ'לאזט זיי נאר וואקסן באזונדערע א 2 צאל איינס פון צווייטן. די ארויס־געריסענע שפראצונגען קאנען זיין — פארפלאנץ.

אין הארבסט, ווען ציבעלע ווערט צייטיג, מוז מען זיי באלד ארויסגראבן, און מיט דעם טאר מען נישט פארשפעטיגן, ווארום זיי קאנען נאך צעוואקסן ווערן און פארלירן זייער דויערהאפטיגקייט.

דאס בעסטע און גרינגסטע מיטל צו פארזייען און אויסצואוואקסן ציבעלע איז — ווי די פראקטיק האט געוויזן — דורך גערויכערטע („דימקע"). זי האט נאך דערצו נאך א מעלה, אז ווען זי איז א גראבע און א געזונטע, קאן פון איין רויכציבעלקעלע אויסוואקסן היפשע עטליכע ציבעלעס, דאגעגן דורך די איבעריגע מיטלען וואקסט אויס פון יעדער שפראצונג נאר איין ציבעלע, אמת, דאס רוב, א גאנץ גרויסע.

קרויט קרויט פארמאגט אַ רעכט ביסל סארטן: ווייס, רויט, געקרייזעלט אדער זיידן, פריהצייטיג און שפעטיג — ווינטערדיג. די אלע מינים האבן ליב פריש און גוט־געמיסטיגטע ערד, טיפצעגראבענע און אַ סך פייכטקייט.

דעריבער מוז מען זיי וואס מער באגיסן, צו דעם מין קרויט געהערט נאך א סארט: בלומענקרויט, וואס האט אויך צווייערליי מינים, פריה און שפעט־צייטיג. אלערליי סארטן קרויט זיינען צווייטפלאנציגע; פאר קעלט האבן זיי קיין מורא נישט, און דערפאר קאן מען זעצן דעם פארפלאנץ גאר אין אנהויב פריה־לינג. מ׳זעצט זיי איין אין ספעציעלע בייטן, אדער — ביי" ברייטע בייטן — ארום די ברעגן, דערווייטערט איינס פון צווייטן לערך 1—3/4 אַרשין. ווען דער איבערגעזעצטער פארפלאנץ וואקסט אונטער אביסל, מוז מען אים ארומשיטן און אין א חודש ארום נאך א מאל, ד. ה. מאכן די ערדבערגלאך גרעסער, ברייטער און העכער. אין די בייטן און צווישן דעם קרויט מוז מען אויסווארצלען און די ערד האלטן צעברעקעלט. קרויט ווערט פארטיג צום ניצן, ווען די קעפלאך ווערן געדיכט און הארט, חוץ זיידנקרויט, וועלכע מ׳קאן אויך ניצן, ווען די קעפלאך זיינען ווייך, און אפילו ווען זיי זיינען נאך נישט אינגאנצן אויסגעפארמט. בלומענקרויט איז פארטיג, ווען די קעפלאך, וועלכע האבן אן אויסזעהן פון א בלום, זיינען הארט און אויס־געגאסן, אינאיינעם, ווי איין שטיק, נישט צעוואקסן אין באזונדערע צווייגעלאך. אלע פריהצייטיגע קרויטן, ווי נאר זיי ווערן פארטיג, מוז מען באלד ארויסנעמען, ווארום ווען מ׳לאזט זיי איבערוואקסן, שפאלטן זיך די קעפלאך, צעוואקסן אין מיטן און פאַרלירן זייער ווערט. דאס אייגענע איז אויך מיט בלומענקרויט.

ווען ס׳וואקסט איבער׳ טויג עס שוין נישט צום ניצן. שפעטערדיגע און ווינטערדיגע קרויטן קאנען בלייבן זיצן אין דער בייט׳ אהן שאדן פאר זיך׳ ווען ס׳ווייזן זיך שוין אפילו גאר היפשע פרעסטלאך.

אויף קרויט פאלן אפט אן ווערים׳ דעריבער איז ווי נאר ס׳הויבט אן צו ווערן ווארים׳ מוז מען שוין אנהויבן גוט אכטונג צו געבן אויף זיי׳ און ווי ס׳ווייזען זיך נאר די משחיתים — באלד זיך באנוצן מיט די מיטלען׳ ווי אויבן איז געשריבן.

בלומענקרויט׳ באלד ווי ס׳הויבן זיך נאר אן צו ווייזן די קעפלאך׳ איז — כדי זיי זאלן נישט געל ווערן פונם זונשיין — פארדעקט מען זי מיט די בלעטער פונם קרויט׳ וועלכע מ׳הויבט אויף אין דער הויך און מ׳בינדט איין פון אויבן׳ מ׳מאכט זיי ווי א זאַנטיק׳ אדער מ׳ברעכט אן אייניגע בלעטער און מ׳דעקט מיט זיי צו די קעפלאך.

קאָלראַבי (אדער אנדערש גערופן—„גא־לערעפא״).

קאָלראַבי איז א מין אויבערשטער ריב *)׳ אנדערע רעכענען זי צום מין קרויט. זי האט ליב גוט־געמיסטיג־טע גרינגע און צעברעקעלטע ערד׳ און פאדערט אפט באגיסן. די בייטן פון אויבן מוזן זיין אלע מאל צע־ברעקעלט און גוט אויסגעווארצעלט. זי איז א צווייט־פלאנציגע און פאר קעלט האט זי קיין מורא נישט. דער פארפלאנץ ווערט געזעצט אין בייטן׳ שורות־ווייז׳ איינע פון דער אנדערער און צווישן זיך דער־ווייטערט אן ערך פון 3/4 — 1/2 אַרשין. צומיינסט

*) Рѣпа

ווערט קאָלראַבי גענוצט יונגערהייט, ווען זי איז נאָך קליין. ביי גוט באַארבעטער ערד און גוטער השגחה וואקסן אויס די קעפּלאַך גאַנץ גרויס, און דערגרייכן אמאל ביז 7—6 פונט א שטיק. קאָלראַבי איז פאַראַן ווייסער און בלויער קאָליר. מ׳קאן זיי אויסוואקסן דריי מאל אין זומער: פאַראַן סאָרטן, וואס ווערן פאַרטיג זעהר גיך, נאָך א סאָרט, וואס קומט ארויס אין מיטן זומער, אין יולי—אווגוסט, און גאָר א שפּעטיגער, וואס מ׳נעמט אים ערשט אראָפּ אין הארבסט און מ׳קאן אים האלטן אויף ווינטער.

**קוקורוזע, אדער טערקי־שער ווייץ**

קוקורוזע האט זעהר מורא פאַר קעלט און מוז דעריבער געזייט ווערן, ווען און דרויסן איז שוין גוט ווארים. די זריעה באַשטייט פון זיך זעלבסט, פון אירע קערנער. זי ווערט דאס רוב געזעצט ביי די ברעגן פון די בייטן, אין גריבעלאַך, צו 4—3 קערנער אין א גריבעלע, איינס פון צווייטן 10—8 ווערשקעס די ווייט. ווען די ערד איז פייכט, קאן מען זעצן די קערנער טרוקענערהייט, נאָר דאן געדויערט דאס אויפגיין. ווען דאס וועטער איז גוט, ד. ה. ווארים און פייכט, לוינט זיך בעסער צו זעצן באַפייכטע קערנער, ווייל זיי גייען דאן גיכער אויף. אויב מ׳וויל זייען באַפייכטע און די ערד איז טרוקן, מוז מען די גריבעלאַך, פאַרן זייען, באַגיסן.

קוקורוזע וואקסט אין הויכע שטענגלאַך *) מיט לאַנגע, שמאלע בלעטער. צווישן שטענגל און אייביגע

*) „טשיקאַנעס" — ווערט גענוצט פאַר די בהמות און צום הייצן.

בלעטער וואקסן ארויס „קאטשענעס״, אויף וועלכע ס׳וואקסן די קערנער. יעדער קאטשען איז פארוויקעלט אין א סך בלעטער אין דער פארם פון א רערל מיט א שפיץ פון אויבן ; פונם שפיץ הענגען אראפ א סך העל־גרינע פעדים, וואס זעהען אויס, ווי א מין פראנז (קוטעס)׳ און ווען די דאזיגע פעדים ווערן שווארץ פארטרוקענט, דע־מאלט איז די קוקורוזע גוט צום קאכן. ווען מ׳וויל לאזן די קאטשענעס אויף זריעה — אדער אויף צו מאלן פון זיי מעהל, ווי אין דרום קאנטן — מוז מען זיי לאזן וואקסן, ביז זיי ווערן גוט טרוקן.

קוקורוזע, באלד נאכן זייען, האט זי שוין אירע מחבלים, דאס זיינען די זריעה־קראהען און שטוב־שפערל („ווראבייטשיקעס״) : זיי האבן זעהר ליב די קערנער פון איר, און ווי נאר זי הויבט אן ארויסצו־שפראצן, דערקענען זיי זי באלד און רייסן זי ארויס מיט אלעמען פון דער ערד און דאן — פארשטייט זיך — געהט שוין די גאנצע זריעה פארלוירן. די מיטלען, ווי אזוי דאס צו פארהיטן, זיינען : צו צו־שטעלן איבערן גארטן פארשטעלנישן *) ; אדער פון אויבן גרינג צודעקן די שפראצונגען מיט גראז, ווילד־קרייטער אדער בלעטלאך, ביז זיי וואקסן היפש אונ־טער. ס׳שאדט אויך נישט ביים פארזייען צו זעצן די קערנער עטוואס טיפער אין דער ערד. נאך א מיטל און דאס סאמע פראקטישע איז : אכטונג צו געבן עטלאכע טעג און צעטרייבן אט די משחיתים, ווארום

*) „טשוטשעלא״, пугало.

ווען זיי פארקלייבן זיך נאר אין א גארטן, פירן זיי דאן איבער נישט נאר די קוקורוזע אליין, נאר אלע איבעריגע זריעות גראבן זיי אויך אויס. זיי בראקירן נישט קיין אוגערקעס און קיין רעטאך אויך.

קארטאפעל

קארטאפעל האט ליב טיף צעגראבענע, ווייכצע־ברעקעלטע און מיט א יאר צוריק באמיסטיגטע ערד. (גאר פריש־געמיסטיגטע האט ער ניט ליב). ס'איז פון אים פאראן א סך סארטן, נאר דער בעסטער און באקוועמסטער צו פארזייען אין א גארטן, איז — פריהצייטיגער. קארטאפעל קאן מען זייען פריה־פריהלינג. זיין זריעה באשטעהט פון זיך אליין ד. ה. פון קארטאפעל, וועלכע ווערן ארייגגעזעצט אין דער ערד. אויף זריעה קאן געהן די סאמע קלענסטע קארטאפעלאך. ווען ס'קומט אויס צו זעצן גרויסע קארטאפעל, קאנען זיי צו דעם צוועק צע־שניטן ווערן אויף דער העלפט, אדער אפילו אויף 3, און — ביי גאנץ גרויסע קארטאפלעס — אויף 4 שטיק־לאך אויך.ביים צעשניידן אבער אויף שטיקלאך מוז מען גוט אכטונג געבן, אז אויף יעדן שטיקל זאל זיך געפינען וועניגסטענס איינס פון די „אוי־געלאך", וועלכע געפינען זיך אויף קארטאפעל און פון וועלכע ס'וואקסן ארויס די ווארצלען און די שטענגלאך. בעסער דערקלערט: ווי ס'איז צו בא־מערקן, איז אויף יעדער קארטאפעל פאראן א סך גאנץ קליינע גריבעלאך, אדער — ווי מ'רופט עס — "אויגעלאך" ("אטשקי"); ווען די קארטאפעל־זריעה

ווערט אריינגעזעצט אין דער ערד וואקסן פון די דאזיגע אויגעלאך ארויס אזוי ווי צווייגלאך, און פון זיי וואקסן אויס די ווארצלען און די שטענגלאך. ס'פארשטייט זיך, אז ווען מ'צעשניידט א קארטא־פעל אויף שטיקלאך, מוז מען אזוי אויסטיילן, אז אויף יעדן שטיקל זאל זיך געפינען, לכל הפחות, איין אייגעלע, ווארום אהן דעם וועט דאס שטיקל קארטאפעל צעפוילט ווערן אין דער ערד, און וועט קיין אויפגאנג נישט געבן.

קארטאפעל זעצט מען אין ספעציעלע בייטן א 3—4 ווערשקעס די טיף איינע פון דער צווייטער פון 3/4 ביז 1 ארשין דערווייטערט, נישט ווניגער. ווען די קארטאפלעס גייען אויף, מוז מען זיי באלד ארומשיטן, און ווען די שטענגלאך וועלן שוין גוט אונטערוואקסן מוז מען זיי נאכאמאל ארומשיטן, מא־כענדיג דאס ערשטע מאל א קליין בערגעלע ערד ארום יעדער שטאמבינטל („קארטש”), און דאס צוויי־טע מאל — א גרעסערס. וואס גרעסער דאס ערד־בערגל, אלץ בעסער איז פארן וואוקס פון די קארטא־פלעס. די ערד אויף צו מאכן די בערגלאך נעמט מען אין דער בייט, פון צווישן די ווארצלען.

קארטאפעל בליהט: אויף די שטענגלאך פון אויבן ווייזן זיך קליינע בלימעלאך, און ווען זיי הויבן אן אפצודארן, קאנען זיך שוין אונטער די ווארצלען געפינען אייניגע היפשע קארטאפעלאך, וועלכע מ'קאן אונטערגראבענדיג דעם ווארצל, ארויסנעמען — נישט

ברענגענדיג מיט דעם קיין שאדן דעם וואוקס פון די איבעריגע קליינע קארטאפעלאך. נאר דערצו פאדערט זיך אבער א באזונדער פעהיגקייט און אפגעהיטקייט, מ׳זאל דערביי נישט אפרייסן די קליינע קארטאפעלאך פון די ווארצלען, צו וועלכע זיי זיינען צוגעבונדען, ווי מיט שנירלאך, ווארום ווען זיי ווערן אפגעריסן — וואקסן זיי שוין נישט מער.

**קריפ** קריפ האט פאר קעלט קיין מורא נישט. ער וואקסט אומעטום, וואו מ׳פארזייט אים. ווען מ׳זייט אים אין בייטן, וואו ס׳וואקסן אנדערע ירקות, מוז מען אים צעווארפן אין איבערלאזן וואו־נישט־וואו א שטענגל. ער וואקסט אויף שטעקלאך אין דער פארם פון א זאנטיק, און ווערט פארטיג, ווען די קערנדלאך ווערן טרוקן. אויף איין שטענגל וואקסט פיל זאנטיקלאך, וועלכע ווערן נישט פארטיג אלע מיט אמאל, נאר ביסלעכווייז, צום ערשטן ווערט פארטיג דער מיטעלסטער, אדער דער הויפט־זאנטיק. פארטיגע, טרוקענע קערנדלאך ווערן צומיינסט צעשאטען פונם ווינט. דערפאר דארף מען זיי נישט לאזן שטיין, ביז זיי ווערן טרוקן, נאר מ׳נעמט אראפ די זאנטיקעס מיט די קערנער פון די שטענגלאך, ווען זיי זיינען נאך עטוואס גרינליך און אפגעריסענערהייט, לאזט מען זיי אביסל ליגן אויף דער זונשיין, ביז זיי ווערן גוט טרוקן, און דערנאך רייסט מען אפ די קערנער פון די זאנ־טיקעס. ווען דער קריפ איז נאך יונג, ווערט ער גע־נוצט אלץ א בייגעווירץ („פריפראווע") ביי זאלצן

אוגערקעס, און די יונגע בלעטלאך און צווייגלאך—אין יויכן (סופן). כדי, אז צו דער צייט, ווען דער עולם הויבט שוין אן צו זייערן אוגערקעס אויף ווינטער (וואס ס'קומט אפט אויס אין סוף אווגוסט), זאל מען האבן פרישן, יונגען קריפ — מוז מען א ביסל פון אים פארזייען אין חודש יולי. זיין זריעה באשטייט פון אים אליין, ד. ה. פון זיינע קערנדלאך, וועלכע קאנען ווינטערן אין דער ערד, און אנהויב פריהלינג גייען זיי אויף פון זיך אליין.

קירבעס, זעה דיניעס.

רעדיסלאך
אדער ווי
מ'רופט זיי
חודש־רעטאכלאך

רעדיסלאך וואקסן זעהר גוט אויף פרייע ערטער, וואו די זון שיינט. די ערד מוז זיין צעברעקעלט און פייכט. זיי קאן מען פארזייען עטליכע מאל אין זומער. נאר די בעסטע צייט איז: אנהויב פריהלינג און הארבסט. ס'איז פאראן פון זיי פיל סארטן: רויטע, ווייסע, רויטע מיט ווייסע עקלאך, קיילאכדיגע און לאנגע. רעדיסלאך ווערן געזייט ארום, אין ספעציעלע בייטן און צווישן שורות אוגערקעס, איינציגווייז אין שורות, אפגעטרעטן איינע פון דער צווייטער אין אלע זייטן 4—5 צאל. אין דער טיף ווערט די זריעה געזייט אן ערך 1—1½ צאל. צווישן זיי מוז די ערד זיין גוט אויסגעווארצעלט און גאנץ אפט באגאסן, ווייל זיי האבן ליב פייכטקייט. זיי קאנען געזייט ווערן דורך צעשיטן די זריעה איבער דער בייט, און נאכן אויפגיין — דורכגעריסן ווערן; דאס איז אבער נישט פראקטיש, ווייל ס'קאנען בלייבן,

ליידיגע ערטער אין דער בייט, נישט קיין פארזייטע. פארזייט מען אבער אין שורות, קאן מען די זריעה אדער געדיכטליך אנזייען אין שורה און נאכן אויפ־גיין — דורכרייסן, אדער גלייך זעצן איינציגווייז אזוי ווייט ווי עס פאדערט זיך, און דערצו איז נאך — זייענדיג אין שורה — גרינגער אויסצואווארצלען.

רעדיסלאך קאנען ביי גוט וועטער ווערן פאר־טיג אין 5—4 וואכן. דעריבער איז נישט באקוועם צו פארזייען זיי מיט אמאל א גאנצע בייט, נאר בעסער שטיקלאך־ווייז: אלע 10—8 טעג — א שטיקל בייט, דאן פארטיגן זיי זיך כסדר, בהדרגה, און מ׳קאן זיי אלע מאל ניצן פרישע און יונגערהייט. רעדיסלאך טארן נישט איבערזיצן, ווארום זיי ווערן הארט און וואקסן „אין סטויפ״ (פילטשיג). רעדיסלאך קאן מען אויסוואקסן אין שטוב אויך, ביי מיטעלער, ערך 14—12 גראד ווארימקייט, האלטענדיג זיי ביי א פענסטער אנטקעגן דער זון אין מיטלמעסיגער פייכטקייט.

**רעטאך**

רעטאך וואקסט זעהר גוט אויף פייכטער און טיפ־צעגראבענער, שווארצער ערד, וואס איז צעברעקעלט און נישט פריש־געמיסטיגט. ער האט ליב פרייע און פיל זונשיינעדיגע ערטער. פאראן פון אים פיל מינים; נאר די הויפט־סארטן זיינען: פריהצייטיגע, זומערדיגע און שפעטערדיג׳ווינטערדיגע, וואס קאנען בלייבן ליגן אויפן ווינטער. אין די סארטן זיינען פאראן ווייסע, רויטע, גרויע און שווארצע הויטן. רעטאך האט נישט אזוי שטארק מורא פאר קעלט,

מ׳קאן אים דעריבער זייען, ווען ס׳איז נאך נישט גאנץ ווארים. זומערדיגע סארטן ווערן פארטיג אין א 6—8 וואכן צייט: ווינטערדיגע ווערן געזעצט שפע־טער און בלייבן זיצן ביז הארבסט. רעטאך פאדערט, מ׳זאל ארום אים גוט אויסווארצלען די בייטן און זעהר אפט באגיסן, ווינטערדיגן רעטאך שאדט נישט ארומצושיטן, ער ווערט צומיינסט געזייט ארום בייט־ברעגן, זומערדיגער אבער קאן גע־זייט ווערן אומעטום, אפילו צווישן אוגערקעס, ווען מ׳פארזייט רעטאך אין באזונדערע בייטן, ווערט ער געזייט איינציגווייז אין שורות, אין אלע זייטן 8—10 ווערשקעס די ווייט, רעטאך ווערט געזעצט אין גריבעלאך, געמאכטע מיט א לעפל, אדער מיט די פינגער, די זריעה פון רעטאך איז קיילאכדיגע, היפשע קערנדלאך, וועלכע מ׳קאן, אייגענטליך, זעצן איינציג־ווייז ; דאס איז אבער נישט פראקטיש, ווייל מיט איין קערנדל קאן טרעפן, ס׳זאל אמאל גאר נישט אויפגיין, דעריבער איז גלייכער צו זעצן אין יעדער גריבעלע צו 2—3 קערנדלאך און ווען זיי גייען אויף און וואקסן עטוואס אונטער — לאזן וואקסן נאר איין שפראצונג, דעם גרעסטן, דעם שטארקסטן, און די איבעריגע ארויסווארפן, די רעטאך־בלעטער זיינען זעהר גרויסע און וואקסן נידעריג און צעשפרייט איבער דער בייט, דעריבער, ווען מ׳זייט רעטאך צווישן אוגערקעס, מוז מען די רעטאכער זייען וואס פריהער, כדי זיי זאלן באווייזן פארטיג צו ווערן, איידער די

אוגערקעס וועלן זיך אנהויבן צעוואקסן און צעציהען זיך איבער די בייטן.

ריבן — ריבן ווערן געזייט, ווי רעטאך, האבן ליב צע־ברעקעלטע, זאמדיגע און נישט קיין פריש־געמיס־טיגטע ערד. מ׳זייט זיי שורות־ווייז, געדיכט, און נאכן אויפגיין מוז מען זיי דורכרייסן. זייען מוז מען זיי וואס פריהער, כדי זיי זאלן גוט אונטערוואקסן, איידער עס ווייזן זיך זייערע משחיתים די „ערד־פליי״, וואס האבן זעהר ליב די יונגע שפראצונגען. און צוליב דעם טאקי מוז מען זיי פארזייען וואס געדיכ־טער, כדי ס׳זאל זיך קאנען עטוואס אפשטעלן, אויב ס׳וועלן אויף זיי אנפאלן די דאזיגע מחבלים. ריבן איז נישט פראקטיש צו זייען נעבן אוגערקעס, ווייל זיי וואקסן לאנגזאם, און זייערע בלעטער זיינען זעהר גרויסע. ווען מ׳גראבט זיי אויס, מוז מען זיי ארויס־נעמען מיט די גאנצעווארצלען, ווארום אז נישט — הויבן זיי אן צו וועלקן און מ׳קאן זיי אויף ווינטער נישט האלטן.

שטשאווי — שטשאווי איז אייגענטלאך א גראז, וואס וואקסט ווילדערהייט אין פעלדער און וועלדער; נאר דער, וואס מ׳זייט אין גערטנער, איז פיל אויסגעבעסערט. ער האט ליב פייכטליכע און שווארצע ערד. מ׳זייט אים דורך זריעה גלייך אין בייט; מ׳קאן אבער מאכן א פארפלאנץ אויך. ווען מ׳זייט אים אין בייטן, זעצט מען אים אין שורות, איינע פון דער צווייטער אן ערך 6—4 ווער־שקעס די ווייט, אין גרובענדלאך, וואו מ׳שיט אן די

זריעה כסדר, איבערן גאנצן גרובענדל. פון איין מאל פארזייען וואקסט ער עטליכע יאר נאכאנאנד. פון די ווארצלען וואקסן ארויס אלעמאל פרישע שטשאווײ־בלעטלאך, וועלכע מ'רייסט אפ, ווען מ'וויל. צווישן די שורות מוז מען זעהר אפט אויסווארצלען, און צו הארבסט־צייט מוז מען די אין דר'ערד־פארבלייבענ־דיגע ווארצלען צודעקען מיט ערד, כדי זיי זאלן איבערן ווינטער נישט אויספרירן. ווען די ווארצלען הויבן זיך אויף גאנץ הויך פון דער ערד — וואס ס'געשעהט אויפן 3—4־טן יאר — מוז מען די בייטן אינגאנצן איבערגראבן, וויל די ווארצלען ווערן דאן אינגאנצן אפגעפרוירן. יונגע שפראצונגען קען מען איבערזעצן פון איין ארט אינם אנדערן.

# ווערטער־צעטל.

אױסװאָרצלען — („יעטן“, „פאלן“, „פּראַשעװען“, „דורכרײסן“) . . . Полоть gätten, jäten.

אײגל — („אָטשקי“, „פּארעסטקי“) . . . . . . . Очко, глазок; Knospe

אײזצעפּל— . . . . . . . . . . . . . Ледяная сосулька; Eiszapfen

באָבשטענגל— . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . Бобовник

באַפּײכטן („צוראַשטשען“).

באַפּײכטע—(„צוגעראַשטשעט“).

בוראַקבלעטער— („באָטװינע“, „היטשקי“) . . . Ботва; das Beetenblat

בײגעװירץ— . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . Приправа.

בלומענקרױט — . . . . Цвѣтная капуста, цвѣтуха; Blumenkohl

בעבלאַך—(„פּאַסאָליעס“) . . . . . . . . . . . . . . . Фасоль; Bohne.

ברוקװע— . . . . . . . . . . . . . . Брюква; Kohlrübe.

געצװיגענע באָב—(„טימשקאָװע“).

גראָבאײזן—(„רידל“, „ריסקל“, „שפּאָדל“) . . . . . . . Лопата; Spaten

גרובנדל—(„ראװטשיק“, „ריװטשיק“, „ראזאר“).

דורכרייסן—אויסוואָרצלען.

וואָרצלפרוכטיג—(„קאָרנעוויע"). ........ Корнеплодный

זעגשטאָלן— ........ Козлы; Sägebock

זריעה—(„נאַסיניע") ........ Сѣмена; Samen, Saat

זריעה-קראה—(„וואָראָן", „ראָב", „גאַפּע") ........ Ворона; Krähe

טערקישער ווייץ („פּאָפּעשוי") ........ Кукуруза; Mais

מאָנקעפּל—(„מאַקאָווקי") ........ Маковица,-ка

מאָרגנפרעסטלאַך—(„פרימאָראָזקעס") ........ Приморозъ, заморозки

מיסטבייט—„עפּארניק", „ספּעקט") ........ Парник, оранжерея; Treibebeet

מיסטביימיש— („ספּעקטאָווע")

ערדפלוי— Земляная блоха; (haltica oleracea אָדער chrysomela oler).

פּארפלאנץ—(„ראזסאדע") ........ Саженец; Steckling

פארשטעלעניש—(„משומשעלע") ........ Чучело; Vogelscheuche

פייכטשפראָץ—(„ראסטקי")

פארזאָרג—(„זאַפּאַס") ........ Запас, припас; Vorrat

פרוכטגאָרטן—(„סאָד") ........ Сад

צווייטפלאנציג, איבערפלאנציג—(„פּערעסאדאָטשני").

ציה-שטעקן—(„טימשקע") ........ Тычина; Bohnenstange

ציבעכעס—(„אָטשיבקעס", „סטרולקעס", עקלאַך") ........ Луковичн. стебель, перо.

קאָלראַבי—(„גאלערעפּא") ........ Каларепа; Kohlrabi

קירבעס—(„קאַבאַק") ........ Тыква; Kürbis, cucurbita pero

| | |
|---|---|
| Сажень; Klafter | קלאַפטער |
| | רויכציבעלע—„דימקעלע" |
| Рѣпа; Rübe | ריב |
| | רעדיסלאַך—חדש-רעטעכלאַך. |
| Стручек | שויט—(„סטרוטשקעס") |
| Стручковый; Schotenförmig | שויטענדיג—(סטרוטשקאָווע") |
| | שטאַמבינטל—(„קאָרטש") |
| Стебель | שטענגל |
| Щавель; Sauerampfer | שטשאווי—(„שטאווער") |
| Улитка | שנעק |
| Малорослый; Zwergartig | שרייטעלדיג—„קארליקע" |

# אינהאלט:

## „כלל־פארלאג״

אפטייל

„אידישער פאלקס־פארלאג״

בערלין 1921.

אין גיכן ערשיינען:

## אידישע וויסנשאפט:

ש. דובנאוו — די נייסטע געשיכטע פון דעם אידישן פאלק
(1789—1914) I־טער טייל
אידיש — נ. שטיף

מ. גידעמאן — אידישע קולטורגעשיכטע אין מיטלאלטער
(אידן אין דייטשלאנד)
אידיש — נ. שטיף

יעקב לעשצינסקי — דאס אידישע פאלק אין ציפערן
(מיט טאבעלן)

## שיינע ליטעראטור, פובליציסטיק:

ה. נאמבערג — פעליעטאנען (קעגן רעכטס און לינקס;
מענשן און ביכער.)

ד. האָפשטיין — לידער („ביי וועגן״ און אנד.)

ל. קוויטקא — לידער („טריט״, „פאלק״ און אנד.)

וו. לאצקי־בערטאלדי — גזרת דעניקין.

י. א. לייזעראָוויטש — פונ׳ם אלטן קוואל.

## יוגנט־ליטעראטור:

**א· טורגענעוו** – ערציילונגען (בירוק, בעזשענער לאָנקע, מומו)
אידיש – ב· ס ל צ ו ק י·

**ז· קאלמאנאוויטש** – די לעצטע טעג פון ירושלים·
די לעצטע קנאים·

**ב· דינאבורג** – אויפן שוועל פון מיטלאלטער·

## קינדער־ליטעראטור:

**ל· קוויטקא** – לידעלאך פאר קינדער·
צייכנונגען פון ב· צ ו ק ע ר מ א ן·

**דער נסתר** – צוויי מעשהלאך· צייכנונגען פון מ· ש אַ ג אַ ל·

**נח לוריע** – מעשהלאך פאר קינדער·
צייכנונגען פון ט ש אַ י ק אָ ו און ר אַ ב י ט ש ע ו·

**ראביטשעוו** – אונזערע חיהלאך· כלי זמר און אנדי·

**א סעריע** אין פארבן אילוסטרירטע קינדער־מעשהלאך
פון ג ר י ם און אנדי (פארכשופטע בת מלכה, שלומפערל,
רויט־היטעלע, קאָטער אין שטיוול)·

אדרעס:

Klal-Verlag
Berlin SW 68
Verläng. Charlottenstr. 1 B.